# הַפַּעֲמוֹן

# דֶער גְלֶעקֶעל

אויף צוּא וֶועקֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער לַעֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא
בָּרוּךְ הוּא, צוּא זַיין עֶרְלִיכֶע אִידִין אוּנ עֶרְלִיכֶע לַייט,
אוּנ עֲבָדִים נֶאֱמָנִים לְמַלְכֵּנוּ וּלְאֶרֶץ מוֹלַדְתֵּנוּ.

פֶּערְפַאסֶער

מאיר בן לא"א יצחק אחון.

~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

צווייטע אויפלאגע.

~~~~~~~~~~~~~~~~~~~~

איסגעבעסערט אונ צוא געגעבען פיל **הוספות** אונ הערות
פון **בן-ציון אלפס** מווילנא, מחבר **מעשה אלפס**.

## ווילנא

**ГАПААМОНЪ**, т. е. колоколъ.
Религіозно-нравственная бесѣда. Соч. Меера Ахуна.
Второе изданіе дополненное. Съ Виленск. изд. 1895 г.

Изд. и собственность Б. Альфеса. Вильна.

ВИЛЬНА. Типографія А. Г. Розенкранца и М. Шрифтзетцера.
въ Лидскомъ переулкѣ домъ № 2598—13. 1904.

185

# אֵיינִיגֶע װֶערְטֶער פוּן „מַעֲשֵׂה אַלְפֶּס“.

## בייא דיא צווייטע אויפלאַגע.

לויט מַיין פֶּערְשְׁפְּרֶעכִין (אין „רעדנער“ זייטע XII, נדפּס בווילנא תרס״ד), אַז װֶער עֶס װֶעט שְׁרַייבִּין (אין זארגאן) קְלוּגֶע אוּנ נוּצְלִיכֶע רֵייד, אוֹיפְמֶערְקְזַאם מַאכִין אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, זַייא זָאלִין פִּירֶען זַייעֶר לֶעבִּין נָאךְ דֶעם גוּטִין גִישְׁמַאק פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּנ אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד צוּא דְרוּקִין, „קֶען עֶר זִיךְ װֶענְדֶען צוּא מִיר, װֶעל אִיךְ בעה״י מוֹצִיא לְאוֹר זַיין, אוּנ װֶעל צוּא גֶעבֶּען בעה״י תַּבְלִין, עֶס זָאל בֶּעסֶער שְׁמֶעקֶען דִיא לֶעזֶער. — צוּא עֶרְפִילֶען דִיזֶע הַבְטָחָה, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶענוּמֶען דִיא מִיהֶע (על פּי בקשת המחבר יחי׳) אִיבֶּער צוּא דְרֶוקֶען דִיא נוּצְלִיכֶע חוֹבֶרֶת „הַפַּעֲמוֹן“ אוּנ הָאבּ צוּא גֶעגֶעבֶּען הֶעָרוֹת אוּנ הוֹסָפוֹת כִּמְעַט אִין יֶעדֶער פֶּרֶק וּבִפְרַט אִין דֶעם עִנְיָן פוּן „טַהֲרַת בְּנוֹת יִשְׂרָאֵל“ (פון זייטע 12 ביז 20 איז דורך אוים הוספה) וַאֲנִי תְּפִלָּה: דֶער עֶוִויגֶער זָאל גֶעבֶּען דֶעם „גְלֶעקִיל“ אַשְׁטַארְקֶען אוּנ אַזִיסֶען קְלוּנְג, עֶר זָאל אוֹיפְוֶועקֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, װֶעלְכֶע הָאבֶּען שְׁטַארְק אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען אִין פִינְסְטֶערִין צִימֶער פוּן „בִּילְדוּנְג אָהן אֱמוּנָה“, זַייא זָאלֶען עֶפֶענֶען דִיא אוֹיגֶען אוּנ בַּאמֶערְקֶען זַייעֶר אִירְטְהוּם, דַאן װֶעלֶען זַייא זִיךְ אַקֶער טָאהְן צוּרִיק מַאכֶען גְרוֹיסֶע גֶעשֶׁעפְטֶען מִיט דִיא אַלְטֶע עֶרְהַאבֶּענֶע פִירְמָא „יוּד עֶט יוּדִינְטְהוּם“ װָאס אוֹיף אִיר הָאט גִיזָאגְט דֶער בַּארִימְטֶער װֶעלְט מֵבִין „עוֹז וְהָדָר לְבוּשָׁהּ“ אַז אִיהְרֶע סְחוֹרָה אִיז שְׁטַארְק אוּנ שֵׁיין, אוּנ זִיא צִיט אַרוֹיף אוֹיף אִיהְרֶע קוֹנִים חֵן.

ד׳ לסדר לישועתך קויתי ה׳, תרס״ד, ווילנא.

**בן־ציון אלפס.**

# צוּא מַיינֶע לִיעבֶּע לֶעזֶער!

אחי ואחיותי, בְּרִידֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶער! אִיךְ וֵויס גַאנְץ גוּט אַז אִיךְ בִּין נִיט קֵיין רָב, נִיט קֵיין מַגִיד וּמוֹכִיחַ, אִיךְ בִּין נִיט מֶער וִויא אַיין אֵיינְפַאכֶער רֶעמֶעסְלֶענִיק. אִיךְ בִּין בַּייא הַשִּׁית נִיט קֵיין סְטְרַאפְּשְׁצֶע וָואס זָאל זִיךְ אָנְנֶעמֶען זַיינֶע קְרִיוְודֶעס. אִיבֶּער הוֹיפְּט אִין דֶעם אַרְטִיקִיל וֶועלְכִין אִיךְ דְרִיקְ אוּנ שְׁרַייבּ, בֶּעדַארְפִין וֶוענִין דֶעם נָאר זָארְגִין רַבָּנִים, וַוייל זֵייא זַיינֶען דִיא פָארְשְׁטֵייעֶר פוּן פָאלְק אוּנ רֶעלִיגְיָאן, אוּנ צוּ לֶעצְט עֶרְלוֹיבְּט זִיךְ נָאר אַפְּרָאסְטֶער מֶענְשׁ וֶוענִין דֶעם צוּ רֵיידִין, אוּנ רַבָּנִים שְׁוַוייגִין, אִיז דָאךְ דָאס אֵייגֶענְטְלִיךְ אַ עַזּוּת פוּן מִיר, מוּז אִיךְ דִיא זַאךְ עֶרְקְלֶערִין, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז אִיהְר וֶועט מִיר מוֹחֵל זַיין. צבי"ש פַאר צַייטִין אוּנ אוֹיךְ הַיינְט, אִין פִיל שְׁטֶעט אִיז דִיא מָאדֶע אַז אַ אֵיינְפַאכֶער אִיד וֶועקְט צוּ סְלִיחוֹת, מִיא זָאל אוֹיף שְׁטֵיין צוּא דִינֶען גָאט אוּנ בֶּעטִין, אַז גָאט ב"ה זָאל מוֹחֵל זַיין דִיא זִינְד אוּנ זָאל גֶעבִּין אַגוּטִין יָאהְר. אָדֶער וִויא מִיר זֶעהְן בַּייא קְרִיסְטִין, אִיז דֶער מִנְהָג, אַז מִיא קְלִינְגְט אִין קִירְכֶע. קֶען מֶען דָאךְ אוֹיךְ פְרֶעגִין, אִיז דֶען דֶער וֶועקֶער אָדֶער דֶער זְוָואנַאר דֶער בֶּעסְטֶער? פַאר וָואס גֵייט נִיט וֶועקִין דֶער רָב אָדֶער דֶער גַייסְטְלִיכֶער? אָדֶער אִין פַאל אַז אַפְּרָאסְטֶער בּוֹיעֶר זֶעהְט אַז עֶס בְּרֶענְט, אוּנ עֶר פַאנְגְט אָן צוּ שְׁרֵייעֶן! זָאל מֶען אוֹיךְ זָאגִין, וָואס הָארְט דָאס אִיהְם? אוֹיף דֶעם אִיז דָאךְ דָא פָאזְשַׁארְנֶע קָאמַאנְדֶע? אִיז צוּ לִיבּ דֶער פְרַאגֶע זָאל דֶער יְהוּדִי נִיט אוֹיף שְׁטֵיין צוּא סְלִיחוֹת, דֶער פְרוּמֶער קְרִיסְט נִיט גֵיין אִין קִירְכֶע, אוּנ דֶער נַארָאד זָאל זִיךְ נִיט רַאטֶעוֶוען, זֵייא זָאלִין וַוארְטִין אוּנ לָאזִין בְּרֶענֶען זָא לַאנְג, בִּיז דִיא פָאזְשַׁארְנֶע קָאמַאנְדֶע וֶועט קוּמֶען, אִיז דָאס רֶעכְט?

דֶער אֱמֶת אִיז, דֶער וֶועקֶער קֶען זַיין וֶוער עֶס אִיז, דֶער קְלִינְגֶער דֶעסְטְגְלֵייכֶען, דֶער וָואס הָאט גָאט אִין הַארְצִין אוּנ וִויל גֵיין דִינֶען גָאט שְׁטֵייט אוֹיף, דֶער וָואס וִויל שְׁלָאפִין שְׁלָאפְט וַוייטֶער. דֶער וָואס הָאט זִיךְ וָואס צוּא רַאטֶעוֶוען פוּן פָאזְשַׁאר רַאטֶעוֶועט זִיךְ, דֶער וָואס הָאט נִיט, שְׁטֵייט פוּן וַוייטִין. אוּנ אוֹיבּ עֶר אִיז אַ אָרִינְטְלִיכֶער מֶענְשׁ הֶעלְפְט עֶר דֶעם אַנְדֶערִין זִיךְ צוּא רַאטֶעוֶוען; אוֹיבּ נִיט אִיז גָאט מִיט אִיהְם. אַזוֹיא אִיז אוֹיךְ מִיט מִיר. דֶער וָואס וֶועט הֶערִין תָּבֹא עָלָיו בִּרְכַּת טוֹב, אוּנ דֶער וָואס וִויל נִיט הֶערִין אִיז גָאט מִיט אִיהְם. אִיךְ בַּאשר עברי אנכי וִויא אִיךְ בִּין אַ אִיד אוּנ גְלוֹיבּ אִין דֶער תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה,

אוּנ

אונ אונזער הייליגע תורה זאגט (ויקרא י״ט י״ז) „הוכח תוכיח את עמיתך״
דוא זאלסט זיך מיט דיין פריינד אויס שפרעכין, ווען דוא זעהסט.
אז ער פירט זיך ניט גוט, מוזטו איהם זאגין, ווען ער זעהט דוא
פירסט זיך ניט גוט, מוז ער דיר זאגין, איז גאר ניט געזאגט אז דאס מוז
זיין ארב, דאס איז א מצוה פאר דעם גאנציין פאלק, איז דאך אבער
ווידער אפראגע, בעדארפין דאך פארט וועגין דעם ריידין רבנים, אונ צו
לעצט שווייגין זייא? איז דאס דער אמת: אין דיא שטעט וועלכע אחב״י
וואוינען האט מען וועגין דעם ארטיקיל וועלכין איך דינק אונ שרייב, גאר
ניט וואס צוא ריידין, צב״ש אז מיא פאר מאטערט כמעט יעדין טאג
דעם רב מיט שאלות הריאה, מיט שאלות נשים, מיט בשר בחלב, מיט
גיטין וקדושין, עס האט זיך גאר אונשולדיג פאר מישט א מילכיקע
לעפיל אין אפליישיקין טאפ, אזוי בייא אלע שאלות, האט עטוואס צו
ריידין דער רב, אז מיא זאל ניט עסין קיין טרפות, חלב ודם א. ז. ו.?

וועגין וואס דען רעט דער רב? אדער ער זאגט תורה, אדער מוסר
וועגין לשון הרע, רכילות, מסירות וכדומה, הגם בעו״ה האט זיך פאר
פירט די דריי עבירות אויך אין די שטעט וואו עס וואוינען אחב״י, וועלכע
עס עסין אויך טרפות, אונ זייערע ווייבער גייען ניט אין קליין טייכעלע אונ
זיינען אויך מחלל שבת בצנעה אונ אפשר בפרהסיא, נאר דיא קומען ניט
אין שול אדער אין בית המדרש, אונ אויף ימים הנוראים קלייבין זיך דיא
חברה צו זאמען אונ מאכין אמנין פאר זיך. נוא פאר ווען זאלין די רבנים
ריידין? ליידער האט זיך פאר פירט דיא דרייא עבירות אין דיא גרויסע
שטעט וואו אחב״י בחסדי הקיר״ה האבין ניט לאנג אן גיפאנגען צוא
בעזעצין זיך, אונ קיין רבנים וועלכע זאלין זיך וועגין דעם בעקימערין
איז ניטא, אפילו אין דיא ערטער וועלכע עס איז דא רבנים. איז פאראן
פיל טעמים וואס זייא טארין ניט עפענען דעם: מויל צום ריידין ארום
אזעלכע זאכין, משום ונשמרתם מאד לנפשתיכם; ע״כ איז א הייליגער
פפליכט אויף יעדען מענשין, אין וועלכין עס איז נאך דא א פונק אידישקייט
זעהן איהר פאר נאנדער צו בלאזין, אונ דער וואס קען ריידין זאל ריידין
צו הויז, דער וואס קען שרייבין זשארגאן, בלשון המדינה, זאל וועגין
דעם זארגין, ווייל מיר אחינו בני ישראל ערבים זה בזה (גאראנטירען
איינער פארין צווייטין) וויא איך וועל דאס ווייטער ערקלערין לבל יבח
ממנו נדח. איך פאר לאנג אז מיא זאל דאס לעזין אונ קריטיקירין
אונ ווען עס וועט העלפין אפילו איינעם פון טויזענד והיה זה שכרי.

# צו דיא אדעלע פרויען.

## א.

נשים עדינות, איהר טייערע אדעלע פרויען! איר זייט אונזערע מוטערס, אונזערע שוועסטער, דיא מוטערס פון אונזערע קינדער, מוז מען איך אפ געבין דיא עהרע מיט איך צו ערשט רעדין. פון בריאת עולם אן האט שוין אונזער היילינע תורה גימאכט פון איך גרויס פאראד, אין איהר בעשרייבונג וויא דער עוויגער האט בעשאפין דעם מענשין דריקט זיא אויס מיט דעם לשון „ויבן" ה״א את הצלע, דער עוויגער האט געבויט דיא ריפ (אונ גימאכט אפרוי פיר אדם'ן), עס האט איינענטליך גידארפט שטיין „ויעש" (דער עוויגער האט צו רעכט גימאכט) זאגין אונזערע חכמים (נדה מה:) אז מיט דעם אויס דרוק „ויבן" האט מען אונז גילערינט נאך אגידאנקין, אז דער עוויגער האט גיגעבין דיא פרוי „בינה" (פערשטאנדיגקיים) מער וויא מאנספערזאנען, היינט ווער רעט שוין וועגין דיא אמהות, האט דער עוויגער גיזאגט צו אונזער פאטער אברהם: כל אשר תאמר אליך שרה שמע בקולה (בראשית כא) וואס דיין ווייב שרה וועט דיר זאגין זאלסטו איהר פאלגין. דער נאך איז פון איך גיבויט גיווארין דיא גאנצע פאלק ישראל. אז אונזערע עלטערין זיינען גיוועזן אין מצרים האט פרעה גיהייסין די אידישע אקושערקעס, אז עס וועט גיבוירין ווערין (בייא א אידין) א זכר זאלט איהר איהם גאנץ שטיל דער שטיקין אונ זאגין: ער איז גיבוירין גיווארין אטויטער, אונ אמיידיל קענט איהר לאזין לעבין, זאגט דיא תורה (שמות א) אויך איך ווייבער עדות, אז איהר האט נישט גיטאהן וויא פרעה האט גיהייסין, נאר ותחיין את הילדים, איהר האט פאר גאט מורא גיהאט (אונ גילאזט לעבין דיא קינדער), פרעגט דארויף דער מדרש מיט דיא גמרא הקדושה, מיר ווייסין דאך אז אין דער תורה איז ניטא קיין איבעריגין ווארט, צו וואס שטייט נאך דיא ווערטער (ותחיין את הילדים)? וויא באלד זיי האבין ניט גיטאהן וויא פרעה האט זיי בעפאהלען, זיינען זייא דאך ממילא גבליבין לעבין, ענטפערט דיא גמרא הקדושה, אז דער ווארט „ותחיין" איז דער מיינונג, זייא האבין דער נעהרט דיא מוטערס מיט דיא קינדער (מדרש רבה פ״ב), דאס הייסט ווען דיא עלטערין זיינען גיוועזן ארים, האבין זייא נאך גיבראכט פאר זייא אלער-האנד שפייז. וועלכע א קינדבעט'רין האט צום געברויך. אונ ווען לויט דיא נאטור האט דאס קינד בעדארפט שטארבען,

פלעגין

פְּלֶעגְן זַייא נָאךְ בַּייא הַשי״ת בֶּעטִין אַז זַייא זָאלִין לֶעבִּין, מִי זָאל זַייא ח״ו נִיט חוֹשֵׁד זַיין, דָאס זַייא הָאבִּין דֶער שְׁטִיקְט דָאס קִינְד • דַאדוּרְךְ הָאבִּין זִיךְ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׳ס פַּאר מֶעהְרְט •

ווִידֶער זָאגְט דֶער מִדְרָשׁ רַבָּה, אַז בִּזְכוּת נָשִׁים צִדְקָנִיּוֹת, וָועלְכֶע עֶס אִיז גִיוָועֶן אִין יֶענֶער צַייט, אָבְוָואל אִידִין הָאבִּין נָאךְ בֶּעדַארְפְט זַיין אִין מִצְרַיִם, ווִיא דִיא גְזֵרָה אִיז גִיוָועֶן. אַז זַייא זָאלִין זַיין 400 יָאהְר, זַיינֶען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אוֹיס גִילֵייזְט גִיוָוארִין נָאךְ 210 יָאהְר.— אַז אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין זַיינֶען גִינַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַם, הָאט אִיהר אוֹיךְ גִיזָאגְט שִׁירָה· מִיט מִרְיָם הַנְבִיאָה וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה (שמות טו) וַתִּקַּח מִרְיָם וגו׳ אֶת הַתּוֹף בְּיָדָהּ • דֶער נָאךְ אַז דִיא אִידִין הָאבִּין גִימַאכְט דֶעם עֵגֶל הָאט מֶען גֶעבְּרוֹיכְט גָאלְד הָאט אִיהר נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין, אִיהר הָאט גִיזָאגְט: ווִיא זָאל מֶען דָאס אָן גָאט ב״ה אַזוֹי גִיךְ פַאר גֶעסִין אוּנ אִיהר הָאט דֶער צוּ אֲפִילוּ אַ הָאר נִיט גִיגֶעבִּין, ווִיא דֶער פָּסוּק זָאגְט אוֹיף אַייךְ עֵדוּת מִיט דִיא וֶוערְטֶער ״אֲשֶׁר בְּאָזְנֵיהֶם״*)· קֶען מֶען דָאךְ מֵיינֶען ווַייל ווַייבֶּער זַיינֶען קַארְג, זָאגְט ווַייטֶער אוֹיף אַייךְ עֵדוּת דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה, אַז צוּם מִשְׁכָּן הָאט אִיר אַוֶועק גִיגֶעבִּין אַייעֶרֶע טַייעֶרְסְטֶע צִירוּנְג אוּנ הָאט אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט גִיאַרְבֶּעט אוּנ גִישְׁפּוּנֶען מִיט אַייעֶרֶע הֶענְט• אוּנ צוּם רֵיינִיגִין, דָאס הֵייסְט צוּם כִּיוֹר פַּאר דִיא כֹּהֲנִים, הָאט אִיהר גִיגֶעבִּין אַייעֶרֶע טַייעֶרְסְטֶע זַאכִין, ד. ה. דִיא שְׁפִּיגְלֶען וָואס דָאס אִיז גִיוֶועֶן פוּן קוּפֶּער, אוּנ וָואס אִיז נָאךְ אַזוֹי טַייעֶר בַּייא אַפְרוֹיעֶנְצִימֶער וִויא אַשְׁפִּיגִיל? אִיז דָאךְ אַרִיכְטִיגֶער צֵייכִין אַז פוּן גָאטְס וֶועגִין אִיז בַּייא אַייךְ קֵיין זַאךְ נִיט שְׁוֶוער אוּנ נִיט טַייעֶר גִיוֶועֶן— הַיינְט גִיפִינֶען מִיר ווַייטֶער אַז עֶס הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַקְרִיג קֹרַח מִיט משה

---

*) ווייל דיא פֿרויען האָבין זייערע צירונג ניט גינעבין צום ,עגל׳ האבין דיא מענער גימוסט אוים טאהן דיערע אייגענע אָהרינגען (אין עניפּסען זיינען דאן גיגאנגען מענער אויך מיט אָהרינגען), ווען אויך אידין זיינען גיוועען אין מצרים אב גיהיט ניט נאָך צו טאן דיא מאָדע (כמ״ש שלא שנו את מלבושיהם) דאָך האָבין זיך גיפֿונען איינינע וואס האָבין זיך ניט גיקאָנט איין האַלטין אונ פֿאָרט עטוואס נאך גיטאַנצט דיא תושבים. אונ דאס איז גיווען אסיבה צו אונזער אונגליק פֿון עגל. ווען דיזע קליינינקייט (פֿון נאָכטאַנצין) וואָלט זיך ניט פּאַרגנב׳עט בייא זייא אונ וואלטין טוזין אָנקומען צו דיא צירונג פון זייערע פרויען וואָלט זיך דאָס געווים פּעדצוינין ביז מאָרגין, ביז וואנען משה רבנו איז גיקומען, וואלטין מיר עד היום גיווען גליקליך.— ליעבע לעזער נעמט זיך דאס גוט אין גידאנקען, צו וועלכע שרעקליכע אונגליקין דער נאָכטאַנצין ברייננט. אז דיזע לעהרע קאסט אונז יא אזוי טייער, לאָמיר לפּרוֹת שעפּין נוצין פֿון איהר, פֿאַרזיכטיג צו זיין וויא ווייט מעגליך אויף ווייטער.

משֶׁה רַבֵּינוּ, איז דָארְט גיוועֶן אין קֹרַח'ס חֶבְרָה אַ גֶעוויסֶער און בֶּן פֶּלֶת, נָאר דֶער אֵיין אֵיינְצִיגֶער אִיז לֶעבִּין גִיבְּלִיבִּין, וֶוען קֹרַח מִיט זַיינֶע לַייט זַיינֶען לֶעבֶּעדִיג אַרַיין אִין דֶער עֶרְד מִיט אַלֶעס, אָבֶּער דֶעם און בֶּן פֶּלֶת הָאט דִיא וַוייבּ גִירַאטִירְט. זָאגְט אוֹיף דֶעם דֶער מֶדְרָשׁ הכל תלוי באשה אַז אַלְס הֵיינְגְט אָפּ פָאן דִיא פְרוֹיעֶן! הַיינְט נָאךְ זֶעהר פִיל שֵׁיינֶע גֶעשִׁיכְטֶען וֶועלְכֶע אוּנְזֶער נַאצְיָאן זַיינֶען נָאךְ בִּיז הַייטֶע אַייךְ פְרוֹיעֶן דַאנְקְבַּאר, צבּ״ש דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן סִיסְרָא, יָעֵל אֵשֶׁת חֶבֶר הַקֵּינִי, דְבוֹרָה הַנְּבִיאָה, חַנָּה דִיא מוּטֶער פוּן שְׁמוּאֵל הַנָּבִיא, אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה דֶער נֵס פוּן פּוּרִים, יְהוּדִית דֶער נֵס פוּן חֲנוּכָּה, אוּנ נָאךְ פִיל מַעֲשִׂיוֹת אִין תנ״ךְ גְמָרָא וּמֶדְרָשִׁים א. ז. ו..

דֶער מֶדְרָשׁ שֶׁעמְט זִיךְ נִיט צוּ זָאגֶען, אַז עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אַז אַ צַדִיק הָאט גִינוּמֶען אַפְרוֹי אַ מַרְשַׁעַת, הָאט זִיא אִיהם אוֹיךְ גִימַאכְט פַאר אַ רָשָׁע, אוּנ ווִידֶער הָאט גִיטְרָאפִין אַרָשָׁע הָאט גִינוּמֶען אַפְרוֹי אַ צַדֶקֶת, הָאט זִיא אִיהם גִימַאכְט פַאר אַ צַדִיק, אוּנ אוֹיךְ יֶעצְט אִיז נָאךְ דָא צְווִישֶׁען אַייךְ פִיל נָשִׁים צִדְקָנִיוֹת, וָואס הָאבִּין אִין זִיךְ דִיא מִדוֹת פוּן דִיא אִמָהוֹת.

נָאר לָאמִיר אַקוּק טָאהן, וָואס עֶס הָאט זִיךְ פַאר פִירְט יֶעצְט בַּייא דִיא לֶעצְטֶע צַייט, אִיהר הָאט נִיט קַיין רַחֲמָנוּת אוֹיף זִיךְ, נִיט אוֹיף אַייעֶרֶע מַאנֶען אוּנ קִינְדֶערְלַאךְ. נִיט אוֹיף אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִין, נִיט אוֹיף דֶעם פָאלְק. אִיךְ וֶועל אַייךְ דִיא זַאךְ גַאנְץ רִיכְטִיג עֶרְקְלֶעהרִין, אִיהר זָאלְט ווִיסִין, אַז וָואס דִיא מַאנְס לַייט טָארִין נִיט טָאהן, טָארְט אִיהר אוֹיךְ נִיט טָאהן.

נָאר עֶס אִיז דָא אַזֶעלְכֶע מִצְוֹת מִיט דֶעם נָאמֶען „מִצְוֹת עֲשֵׂה שֶׁהַזְּמַן גְרָמָה״ ד. ה. דִיא מִצְוָה אִיז נִיט שְׁטֶענְדִיג, נוּר וֶוען אִיהר צַייט אִיז, צבּ״ש צִיצִית, וַוייל מִיא דַארְף דָאס נָאר בַּייא טָאג, תְּפִילִין אִיז אוֹיךְ אַזוֹי, אֶתְרוֹג, וַוייל דָאס אִיז נָאר סוּכּוֹת א. ז. ו. פוּן דִיא מִצְוֹת זַייט אִיהר פְרַייא. אָבֶּער הִיטִין שַׁבָּת, שַׁעַטְנֵז, בֶּעטִין גָאט, זַייט אִיהר אוֹיךְ מְחוּיָב.

אוֹיסֶער דֶעם. הָאט מֶען דָאךְ אַייךְ גִיגֶעבִּין נָאךְ דְרַייא מִצְוֹת, וָואס דָאס אִיז דֶער הוֹיפְּט פוּן דֶעם גַאנְצֶען רֶעלִיגְיָאן, אִיז אַייךְ גִיגֶעבִּין אוּנ אָן גִיטְרוֹיט גִיוָוארִין, נִדָּה, חַלָּה, הַדְלָקַת הַנֵּר בְּשַׁבָּת. דֶער עִנְיָן פוּן נִדָּה אִיז, אַז וִויא אִיהר זַייט דִיא מוּטֶערְס פוּן דִיא קִינְדֶער, הָאט מֶען דָאס אַייךְ אָן גִיטְרוֹיט, אַז זַייא זָאלִין ח״ו נִיט זַיין קַיין בְּנֵי נִדָּה. „חַלָּה״ דָאס אִיז דִיא בְּרוֹיט, וֶוען מֶען בַּאקְט בְּרוֹיט זָאל מֶען אָן גָאט נִיט פַאר גֶעסִין אוּנ אָפּ שֵׁיידִין דֶער פוּן תְּרוּמָה, וִויא אִיךְ וֶועל וַוייטֶער שְׁרַייבֶּען, נָאר אִיבֶּער הוֹיפְּט אִיז דֶער מֵיינוּנְג, עֶס זָאל אַלֶעס וָואס מִיא עֶסְט כָּשֵׁר זַיין. „הַדְלָקַת הַנֵּר״ מִיזָאל בֶּענְטְשִׁין לִיכְט לִכְבוֹד שַׁבָּת. הַיינְט וֶוערְדֶע אִיךְ בַּייא אַייךְ פְרֶעגִין

אִיהר

איהר דַאמֶען, זָאגְט מִיר פוּן וַואנֶען הָאט אִיהר גִינוּמֶען גֶרינְג צוּ מַאכִין זִיךְ אַזֶעלְכֶע וִויכְטִינֶע זַאכִין, וָואס עֶס שְׁמֶעקְט מִיט כָּרֵת, מִיתָה ר״ל ? ח״ו אִיךְ מֵיין נִיט אַלֶע, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין דָא בעו״ה זֵייעֶר פִיל פְרוֹיעֶן, וָואס הַאלְטִין נִיט קֵיין שַׁבָּת, נִיט זֵייא גֵייעֶן אִין מִקְוָה, דִיא קִיכִין זַיינֶען טְרֵפָה. אוּנְזֶער תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה זָאגְט: אַז דֶער וָואס עֶסְט חֵלֶב קוּמְט כָּרֵת, דֶער וָואס טוּהט אַ מְלָאכָה אוּם שַׁבָּת קוּמְט מִיתָה ר״ל, אַז מִיא לֶעבְּט מִיט דֶעם מַאן וֶוען מֶען טָאר נִיט קוּמְט כָּרֵת. דֶער תַּנָא אִין בַּמֶה מַדְלִיקִין זָאגְט: עַל שָׁלשׁ עֲבֵרוֹת נָשִׁים מֵתוֹת בִּשְׁעַת לֵדָתָן, אִיז אֵיין תַּנָא זָאגְט אַז פַאר דֶעם חֵטְא וָואס זֵייא הַאלְטִין נִיט קֵיין נִדָה חַלָה וְהַדְלָקָה, שְׁטַארְבֶּען קִינְדְבֶּעטָארִינְס, אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער זָאגְט אַז פַאר דִיא עֲבֵירוֹת שְׁטַארְבִּין זֵייא יוּנְגֶע.

הַיינְט לָאמִיר זֶעהְן, וִויא פִיל זַיינֶען דָאס אִין דִיא לֶעצְטֶע יָאהְרִין צוּ שְׁטָארְבִּין קִינְדְבֶּעטָארִינְס ? וְויפִיל יוּנְגֶע וַוייבֶּער זַיינֶען דָאס צוּ שְׁטָארְבִּין ? דֶער בֶּעדַייטוּנְג פוּן כָּרֵת אִיז פֶערְשִׁידִין, דֶען אִין דֶער תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה שְׁטֵייט אוֹיךְ פֶערְשִׁידִין דֶער אוֹיסְדְרִיק, אַמָאל שְׁטֵייט וְנִכְרְתָה הַנֶפֶשׁ הַהִיא, אַמָאל שְׁטֵייט הִכָּרֵת תִּכָּרֵת, אַמָאל שְׁטֵייט עֲוֹנָהּ בָּהּ, דָאס אִיז אַלֶעס כָּרֵת. וֶוען מֶען שְׁטַארְבְּט ח״ו אַ יוּנְגֶער מַאן אָדֶער אַיוּנְגֶע פְרוֹי, וֶוערְט אָן גִירוּפִין עֶס אִיז פַארְשְׁנִיטִין, וֶוען עֶס שְׁטַארְבְּט ח״ו אַקִינְד וֶוערְט דָאס אָן גִירוּפִין אָפְּגִישְׁנִיטִין, דָאס הֵייסְט אַשְׁטִיק לֶעבִּין אָפּ גִישְׁנִיטִין. אוּנְזֶער תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה זָאגְט „פוקד עון אבות על בנים״ (דברים ה ט), ד. ה. דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא שְׁטְרָאפְּט דִיא קִינְדֶער צוּ לִיבּ דִיא זִינְד פוּן דִיא עֶלְטֶערִין, „ועל שלשים ועל רבעים״ דָאס הֵייסְט עֶר וַוארְט בִּיז 3 - 4 פָּאקָאלֶענֶעס, צוּ עֶרְשְׁט שְׁנַייט עֶר אָפּ אַשְׁטִיקִיל לֶעבִּין דֶער נָאךְ וַוייטֶער וַוייטֶער וֶוען מִיא קֶערְט זִיךְ נִיט צוּ אִיהם בִּיז 3-4 פָּאקָאלֶענֶעס, „לשונאי״ דָאס הֵייסְט דִיא וֶועלְכֶע הָאבִּין פַיינְט גָאט ! אָבֶּער „ועשה חסד לאלפים״ הַשי״ת טוּהְט חֶסֶד אוֹיף אֵייבִּיג „לאוהבי ולשומרי מצותי״ צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהם אוּנ הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת. אִיז דִיא זַאךְ גַאנְץ רִיכְטִיג, וַוייל דִיא וָואס הִיטִין זַיינֶע מִצְוֹת, הָאבִּין דָאךְ נִיט אוֹיף זִיךְ דִיא זִינְד פוּן כָּרֵת ר״ל, דַארוּם קֶען דַאס דוֹיעֶרִין אוֹיף אֵייבִּיג.

הַיינְט לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, פוּן וַואנֶען קֶענֶען מִיר וִויסִין דָאס וָואס בַּייא אוּנְז שְׁטַארְבֶּען אַזֶעלְכֶע אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אָדֶער עֶס שְׁטַארְבִּין יוּנְגֶע מַאנֶען אָדֶער יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן, אִיז נִיט צוּ לִיעבּ דֶעם חֵטְא, וָואס מִיר הָאבִּין נִיט גִיהַאלְטִין שַׁבָּת, אָדֶער גֶעלֶעבְּט מִיט דִיא פְרוֹיעֶן וֶוען מִיא טָאר נִיט, אדער

אָדער גיגעסין טְרֵפָה פְלֵיישׁ אונ ווען אַפִילוּ כָּשֵׁר פְלֵיישׁ, נור נִיט גִיזַאלְצִין נִיט גִיכַּשֶׁרְט, וואס דאס איז גיווען מִיט דיא בְּלוּט מִיט דיא חֵלֶב. אִיךְ מֵיין נִיט אַז דיא וועלְט איז נִיט קֵיין וועלְט, ווען מען וויל קען מען פון דער וועלְט הַנָאָה האבִּין, אויךְ גֵיין אִין טעאַטערין, פאַר וואס נִיט אִין אַ קְלוּבּ אַ מאָל. אָבֶּער אִיהר גֵייט דַוְקָא פְרֵייטאג צוּ נאַכְט, אונ אִיהר בֶּענְשְׁט נִיט קֵיין לִיכְט אונ נִיט מְקַבֵּל שַׁבָּת, נאָר אִיהר פְלִיהְט שוֹין אִין אַלֶע טעאַטערין, אִיהר עֶסְט דארְט אִין קְלוּבּ טְרֵפָה, אִיהר זֵייט מְחַלֵל שַׁבָּת בְּפַרְהֶסְיָא, אִיהר הִיט נִיט אַייעֶרֶע פְלִיכְטֶען, וואס אִידִישֶׁע פְרוֹיעֶן בֶּעדַארְפִין הִיטִין. אִיהר זִינְדִיגְט אַלֵיין אונ מַאכְט נאָךְ אַייעֶרֶע מַאנֶען אונ קִינְדֶער זִינְדִיגֶען. אַז מִיגֵייט אִין טעאַטער אָדער אִין קְלוּבּ מוּז מען דאָךְ זִיךְ שֵׁיין אָן טאָהן, מִיקוּקְט דאָךְ אויף דער צְווֵייטער דַאמֶע, נוּא עס איז אָבּער נִיטאָ פאַר וואס, וואס זאָל דער מאַן טאָהן? מוּז עֶר אָן זֶעצִין. מַאכִין פַארְלָאגִין א. ז. וו.— הַיינְט בִּירֶעכִינְט וואס פאַר אַווירְטְשַׁאפְט עס איז, אַז אִין דער צַייט פון טְרָאגִין, פון האָדעוועֶן דיא קִינְדער, זַיינֶען זֵייא נִיט בְּטַהֲרָה כְּדַת הַיַהֲדוּת, דַארִיבֶּער קוּמֶען הֶערוּיס פון אוּנְז שְׁלֶעכְטֶע קִינְדער, ווֶעלְכֶע צוּ לֶעצְט ווארְפִין זֵיי דעם גַאנְצֶען פאָלְק אַוֶועק, אונ דאס איז דער כָּרֵת פון וְנִכְרְתָה הַנֶפֶשׁ הַהִיא, הקב"ה האָט מִיט אַבְרָהָם כּוֹרֵת בְּרִית גִיוֶוען (מִיר זאָלִין הִיטִין זַיין תּוֹרָה, וועלֶען מִיר זַיין פאָלְק זַיין) אונ יֶעצְט ווערְט דער בְּרִית פאַר שְׁטֶערְט. נוּא טַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן! וואס פִירְט אִיהר אוֹיס, מִיט דעם וואס אִיהר הִיט נִיט דעם דַת הַיַהֲדוּת.

לִיבֶּע בְּרִידֶער אונ שְׁוועסְטֶער! אִיךְ בֶּעט אַייךְ פִיל מאָהל אַז אִיהר זאָלְט קֵיין פאַר אִיבִּיל האבִּין, וואס אִיךְ רֵייד מִיט אַייךְ נאָךְ אַמאָל, ווֶעגִין דיא 3 עֲבֵירוֹת, ד. ה. נִדָה, מַאֲכָלוֹת אֲסוּרוֹת אונ חִילוּל שַׁבָּת! ווען מִיר זַיינֶען יְהוּדִים אונ גְלוֹיבִּין אִין אוּנְזֶער תּוֹרָה טארֶען מִיר דאס נִיט הַאלְטִין פִיר גְרִינְג, נאָר עס איז דא פִיל פֶּער-נַארְטֶע מֶענְשִׁין, אונ זאָגִין אַז מִיר זֶעהְן דאָךְ, אַז יֶענֶע גֵייט נִיט אִין מִקְוָה אונ דאָךְ איז זִי גִיזוּנְט אונ שְׁטַארְק, אויךְ אִיז דא פִיל וואס אַרְבֵּייטִין שַׁבָּת אונ זַיינֶען גִיזוּנְט אונ אויךְ רַייךְ! אִיז דאָךְ אַ סִימָן אַז עס איז גאָר נִיט. נֵיין לִיבֶּע בְּרִידֶער! דאס איז אַ גְרוֹיסֶער טָעוּת. עֶרְשְׁטִינְס זֶעהְן מִיר אַז דִי לֶעצְטֶע יָאהְרִין טְרֶעפְט אַזֶעלְכֶע סִיבּוֹת וואס פאַר צַייטִין האָט דאס זֵייעֶר זֶעלְטִין גִיטְרָאפִין. אַ גַאנְץ יוּנְגֶע פְרוֹי מִיט אֵיין מאָהל זִי שְׁטַארְבְּט גַאנְץ פְלוּצְלוּנְג אונ מִי זאָגְט אַז דאס אִיז פון אַקִינְדְבֶּעט. אָדער אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ עֶר אִיז אַוֶועק אִין גַאס גַאנְץ גִיזוּנְט אונ פְרִישׁ אונ מִי האָט עֶם גִיבְּרַאכְט אַ טוֹיטִין, הַיינְט פון וואנֶען קען מען

מִיר

מִיר וְויסִין, אַז עֶר אָדֶער דִיא פְרוֹי זַיינֶען נִיט דֶער פִיר גִשְׁטְרָאפְט גִיוָוארִין?
צווייטינס. דֶער רבש״ע אִיז דָאךְ נִיט קֵיין מֶענְשׁ וָואס עֶר זָאל זִיךְ הַיילֶען
צוא בֶּעשְׁטְרָאפִין. וְויא דָוִד הַמֶלֶךְ זָאגְט פֶּן אֶטְרוֹף וְאֵין מַצִיל. אִין דֶער תּוֹרָה
הַקְדוֹשָׁה אִיז אויךְ גִיזָאגְט מָחַצְתִּי וַאֲנִי אֶרְפָּא וְאֵין מִיָדִי מַצִיל (דברים לב)
וָוארוּם אַפִילוּ נָאךְ דֶעם טוֹיט קֶען מֶען זִיךְ אויךְ פוּן רבש״ע נִיט בֶּעהַאלְטִין.
אוּנ דָאס וָואס אִיהר זָאגְט, אִיהר זֶעט דָאךְ אַז אַנְדֶערֶע שְׁטַארְבִּין נִיט? אִיז
דָאס גָאר קֵיין רַאיָה נִיט. וֶועהר עֶס גִידֵיינְקְט הָאט מֶען זִיךְ פַארְצַייטִין
גָאר נִיט גִיהִיט פוּן דִי קְרַאנְקַייטִין, צבּ״ש מִיט דֶעם קִינְד וָואס הָאט גִיהַאט פָּאקִין
אָדֶער מָאזֶעלִין אָדֶער נָאךְ אַזֶעלְכֶע קְרַאנְקַייטִין, מִי הָאט עֶס גִיהַאלְטִין
מִיט אַנְדֶערֶע קִינְדֶער צוּא זַאמְמֶען. מִי הָאט נִיט גִיווּאוּסְט פוּן קְרַאנְקַייט
אָנְשְׁטֶעקוּנְג, מֵיינְט אִיהר אַז אַלֶע דִיא וֶועלְכֶע עֶס זַיינֶען מִיט דֶעם קְרַאנְקִין
גִיוֶוען צוּ זַאמֶען, זַיינֶען אַלֶע אוּיס גִישְׁטָארְבִּין, גֵיין חַס וְשָׁלוֹם! אַפִילוּ פוּן דִי
וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין מִיט זֵיי צוּ זַאמֶען גִישְׁלָאפִין, זַיינֶען אויךְ גִיבְּלִיבִּין לֶעבִּין
אוּנ גִיזוּנְט גִיבְּלִיבִּין. דָאךְ צוּא לֶעצְט הָאבִּין דָאקְטוֹירִים עֶרְקְלֶערְט אַז עֶס
אִיז דָאךְ פִיל צוּא שְׁטַארְבִּין פוּן אַנְשְׁטֶעקוּנְג. אוּנ עֶס אִיז יֶעצְט דֶערוֹיף
גְרוֹיסֶע אוֹיף פַּאסוּנְג, אַז אַפִילוּ דִי חֲפֵצִים, וֶועלְכֶע דֶער קְרַאנְקֶער אִיז אוֹיף
זֵיי גִילֶעגִין, וָוירְט פִיר בְּרֶענְט אוּנ אַנְדֶערֶע וָוירְט דִיזֶעפֶּעקְצִיע גִימַאכְט! אוּנ
צוּם קְרַאנְקִין לָאזְט מֶען נִיט צוּא. אָט זֶעהט אִיהר דָאךְ, אַז וֶוען אוֹיךְ
עֶס אִיז נִיט גִיוִויס אוּיב מִי וֶועט שְׁטַארְבִּין אָדֶער קְרַאנְק וֶוערִין, הָאט מֶען
מוֹרָא פוּן סָפֵק וֶועגִין, וַוייל עֶס טְרֶעפְט אַזֶעלְכֶע זַאכִין. פַאר וָואס זָאלְט
אִיהר נִיט מוֹרָא הָאבִּין, אַז יֶענֶער דֶער וָואס אִיז אוּנְנַאטִירְלִיךְ גִישְׁטָארְבִּין
אִיז פִילַייכְט אוֹיךְ דֶער פוּן, פִיר דֶעם חֵטְא? בִּפְרַט אַז עֶס אִיז דַייטְלִיךְ
אִין דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה, אַז מִי גֵייט נִיט אִין וַואסֶער אִיז דֶער פוּן כָּרֵת
פִיר בֵּיידִין, הֵן פִיר דֶעם מַאנְס פֶּערְזָאן, וְהֵן פִיר דֶער פְרוֹיעֶן צִימֶער. — חִילוּל
שַׁבָּת אִיז אַ אִיסוּר סְקִילָה, חֵלֶב וְדַם אִיז אַ אִיסוּר כָּרֵת, אוּנ מִיר הַאלְטִין
זִיךְ פִיר אִידִין וָואס גְלוֹיבִּין אִין תּוֹרַת משֶׁה אוּנ אִין הֵיילִיגֶען תַּלְמוּד (דָאס
אִיז דִיא עֶרְקְלֶערוּנְג וָואס דֶער עֶווִיגֶער הָאט גִילֶערִינְט מִיט משֶׁה׳ן אוּיס
וַויינִיג). אִיז קֵיין סָפֵק אַז דִי אַלֶע זַאכִין וָואס עֶס פַּאסִירְט, הֵן פוּן קִינְדֶער
וְהֵן פוּן יוּנְגֶע מֶענְשִׁין. אִיז דָאס פִיר דִי זִינְד, וֶועלְכֶע מִיר הָאבִּין וֶועגִין דֶעם
גִירֶעט. אוּנ דִיא טַעֲמִים פוּן דֶער תּוֹרָה קֶענֶען מִיר אַלֶע נִיט וְויסִין. אַז דִי
תּוֹרָה הָאט זִיךְ נִיט גִיהִייסִין אָן רִיהְרֶען אָן אַ דְבַר טוּמְאָה אָדֶער אָן אַ אִשָּׁה זָבָה
וְנִדָה, אִיז גִיוִויס פַארַאן דֶער בַּיי טְעָמִים, נָאר מִיר זַיינֶען נָאךְ דֶער צוּ נִיט גִיקוּמֶען
צוּא פַאר שְׁטֵיין. פִיל גִילֶערִינְטֶע הָאבִּין שׁוֹין פִיל זַאכִין דֶער גַאנְגֶען, אַז דִי
תורה

תּוֹרָה אִיז אוּיסֶער רֶעלִיגְיֶע, אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶע שְׁטִיצֶע פִּיר דִי גֵיזוּנְטְהַייט. נָאר מִי וֵוייס נָאךְ נִיט אִין גַאנְצִין דִי טַעֲמִים. אוּנ אוֹיבּ אִיהר ווִילְט אַהַיילֶע מִיט מִיר פֶּערְבְּרֵיינְגֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶער צֵיילִין אַקְלֵיינֶעם סִפּוּר.

אִיךְ בִּין אַמָאל אַרַיין מְבַקֵר חוֹלֶה זַיין מַיינֶעם אַפְרַיינְד. גֶעפִין אִיךְ זַיינֶע עֶלְטֶערִין אוּנ זַיין פְרוֹי זַיינֶען זֵייעֶר טְרוֹיעֶרִיג. וָואס מַאכְט דֶער חוֹלֶה? (פרעג איך זיי), אִיז עֶר דֶען הַיינְט עֶרְגֶער ווִיא פְרִיעֶר, וָואס אִיר זַייט אַזוֹי פַאר קְלֶעמְט? — יַא, פִיל עֶרְגֶער (ענטפערין זיי), אָבֶּער גָאר פוּן אַ זַייטִיגֶע אוּרְזַאךְ. עֶר ווִיל בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט נֶעמֶען דִי מִידִיצִין, בֶּעפָאר עֶר וֶועט נִיט פַארְשְׁטֵיין פוּן וֶועלְכֶע עֶלִימֶענְטִין, דִיא מִידִיצִין אִיז צוּ זַאמֶען גֵישְׁטֶעלְט. אוּנ דִי גַאנְצֶע אַנַאטָאמִיע פוּן מֶענְשִׁין אוּנ ווִיא אַזוֹי דִיא מִידִיצִין וֶועט ווִירְקִין צוּ זַיין פֶעלֶער בִּקְצוּר עֶר ווִיל אוֹיף אֵיין פוּס, אוֹיס לֶערְנֶען דִיא גַאנְצֶע סְטוּדִיוּם פוּן דָאקְטָאר אוּנ אַפְּטֵייקֶער, אַז עֶר וֶועט אַלֶעס ווִיסִין (זאגט ער), וֶועט עֶר דַאן נֶעמֶען דִיא מִידִיצִין, דֶער וַוייל גֵייט דִיא קְרַאנְקַייט וָואס וַוייטֶער שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער.

יַא יַא — זָאג אִיךְ מִיט אַפְרֵיילִיכֶע מִינֶע צוּם קְרַאנְקִין — גֶעוִויס אִיז אַיוֹשֶׁר אַז מֶען זָאל זַיין גֶעבִּילְדֶעט, וּבִפְרַט צוּ ווִיסִין וָואס בַּיי זִיךְ וֶועלְבְּסְט אִינֶערְלִיךְ טוּט זִיךְ, גֶיוִויס אִיז פַר אַייךְ אָפִּין אַלֶע פַאקוּלְטֶעטִין אִין אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט אִיהר וֶועט אי"ה לֶערְנֶען אוּנ זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער פִיהִילָאזָאף אוּנ פְּרָאפֶעסֶער אָבֶּער נִיט יֶעצְט אִיז דִיא צַייט, דָאס עֶרְסְטֶע וַוייל דִיא צַייט אִיז קוּרְץ צוּ אַזַא טִיעפֶע חָכְמָה, אוּנ דָאס צְווֵייטֶע אִיז אַייעֶער מוֹחַ יֶעצְט שְׁוַואךְ אוּנ קְרַאנְק. יֶעצְט מוּסְט אִיהר הָאבִּין צוּטְרָאי צוּם פְּרָאפֶעסֶער, אַז עֶר ווֵייס רִיכְטִיג אַלֶעס אוּנ עֶר אִיז אַייךְ דֶער בֶּעסְטֶער פְרַיינְד, מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין אוּנ גֶעפִילֶען אִיז עֶר אִיבֶּער גִיגֶעבִּין צוּ אַייעֶער גֵיזוּנְד. דֶער וַוייל נֶעמְט דִיא מִידִיצִין נוּר מִיט הַיילֶע אֱמוּנָה. אוּנ אַז אִיהר וֶועט אי"ה גֵיזוּנְד וֶוערִין אִיז פַאר אַייךְ אָפִּין אַלֶע טוֹיעֶרִין פוּן חָכְמָה, לֶערִינְט פִיל אַייעֶער הַארְץ גִילוּסְט אוּנ וֶוערְט דֶער גְרֶעסְטֶער חָכָם אִין דֶער וֶועלְט.

דָאס גְלַייכֶען מַיינֶע תְּהַייעֶרֶע, אַזַא טִיפֶע חָכְמָה ווִיא חָכְמַת אֱלֹקוּת, ווִיסֶען דִיא גַאנְצֶע אִינֶערְלִיכְקַייט פוּן דִיא נְשָׁמָה, ווִיא אַזוֹי דִיא מִצְוֹת הֵיילֶען אִיר פוּן אַלֶע טוּמְאוֹת אוּנ אֵיידְלִין אִיהר אוֹיס, ווִילְט אִיהר דָאס ווִיסֶען אוֹיף אֵיין פוּס, אוּנ גְרַאד וֶוען? בְּעֵת אִיהר דַארְפְט טָאן דִיא מִצְוָה אוּנ וֶוען אִיהר פַארְשְׁטֵייט אִיהר נִיט ווִילְט אִיהר נִיט מְקַיֵים זַיין. גֵיין, נִיט אַזוֹי מַיין תְּהַייעֶרֶע! בְּעֵת עֶס קוּמְט דִיא צַייט מְקַיֵים זַיין אַמִצְוָה, דַארְפְט אִיהר טָאהן נוּר אַלֶעס צוּ טְרוֹי אוּנ אֱמוּנָה צוּם גְרוֹיסִין וֶועלְט פְּרָאפֶעסֶער

וואס

דאס ער שרייבט „כי אני ה' רופאך" איך גאט בין דיין ארצט, איך ווייס דיין גאנצין ארגאניזם, איך בין דער פאבריקאנט, איך ווייס גוט דיא מאטריאל וועלכע איך האב בעשאפין אונ איך האב צו גירוכט היילמיטלען אוים צו קורירען דיר פון אלע גייסטליכע קראנקהייטין, נאכהער מעגסטו לערנען ביי דיא גרויסע חכמים וואס פאר שטייען, לערין דאס איז אטיפע חכמה לערין וויא נאטור דוא קענסט ערגרייכין. אבער בעפאר דוא געמסט דיא מידיצין איז דיין מוח נאך שוואך, וועסטו גאר ניט קענען באנעמהען אזא טיעפע חכמה ווען אפילו מען וועט דיר ערקלערין. מען דארף האבין אגרויסין זכות משיג זיין אזא טיעפע חכמה. אונ דורך וואס באקומט מען דעם זכות? גראד דורך דעם צוטרוי וואס מען האט צו דעם עוויגען. וויא דוד המע"ה ע"ה זאגט „ראשית חכמה יראת ה'" דער אנפאנג (דער ערסטער שריט) אין חכמת התורה והמצות מוז זיין מיט גאטעס פארכט. ד. ה. איך מוז דיא מצוה, ווייל דער בורא עולם האט עס פארזאגט, ווען אויך מיין שכל ערגרייכט דאס ניט. ווען דו טוסט אזוי, פארדינסטו „שכל טוב" גוטין פארשטאנד גיט דער עוויגער „לכל עושיהם" צו דיא וואס האבין מקיים גיוועזין זיינע מצות. ווען אויך זיי האבין ניט פערשטאנען. דורך דעם פארדינען זיי ביי גאט, ער זאל אויף זיי משפיע זיין אגייסט פון חכמה, זיי זאלין פארשטיין די טיעפקייט פון די מצות. אונ אזוי האבין אונזערע עלטערין גיזאגט ביים בארג סיני „נעשה ונשמע" מיר וועלין פריער מקיים זיין ווען אויך מיר פארשטייען נאך ניט, נור הויל אלעס צו טרוי צום וועלט פראפעסער אז ער ווייס זייער גוט, וויא ווייט דאס איז גיזונד פאר אונזער קערפער אונ נשמה (אלה המצות אשר יעשה אותם האדם וחי בהם). נאכהער אז מיר וועלין זיי מקיים זיין איז „ונשמע" וועלין מיר דאן זוכה זיין צו פארשטיין דיא טיעפע גידאנקען, וואס אין זיי איז איין גיפאסט. אונ פאר אזא קלוגין אונ פראקטישען אנטווארט, האבין זיי אוים גינומען ביי דעם הער פון דער וועלט.

דרום טייערע אדעלע פרויען! גייט אויך אין דיא וועג פון אונזערע עלטערין אונ זייט מקיים דיא מצוה פינקטליך, ווען אויך איהר פאר שטייט איהר ניט, נאכהער מעגט איר לערנען צו פארשטיין. נור גייט בהדרגה פריער לערינט דורך דעם פרק „קליין טייכעלע" (פון מעשה אלפס ח"ג), דארטין, רעכין איך, וועט איהר גיפינען אנטווארטין צו אסך פראגין, וואס אויבער - פלעכליך דוכט זיך אייך אוים וויא קלעצער. נאכהער אז איר וועט שוין קלאר זיין יענע בייד אונ אייערע געפיהלען וועלין ווערין געהענטער צום אדעלען רעליגיאזען גיפיהל, וועל איך אייך פירן ווייטער אין אהעכערן גשפרעך.

בעזובענדיג

בעזוכינדיג אמאל מיינעם אפריינד, נעמין איך ער לעזט דעם בוך קרייצער'ס סאנאטא' (פון גראף טאלסטאי), קומט דארטין פאר אפהילאזאפישער מיינונג, אז חתונה האבין, איז זייער אנידעריגע זאך פאר אמענשין, אמענש וואס איז אזא הויכער וועזען, זאל זיך אזוי ווייט ערנידערין, ד. ה. טאן אזא נידעריגע שמוציגע זאך וויא אפיהע? דיא אידעע איז זייער גיפעלין גיוואָרין מיין פריינד, ער חזערט איר איבער פאר מיר מיט דעם לשון: אהה, אזא שפלע אונ שמוציגע זאך! גיעת מעשה כמעט אויס גיטאן פון מענש אונ זיך אן גיטאן אין אפיהען פעל. — נוא, נוא, — פרעג איך איהם — וואָרום האסטו גינומען אפרוי? דוא ביסט דאך אגאנצער פהילאזאף. — גיעת דער קאזאק (די ליבע) שטייט מיט די נאגאייקע (ענטפערט ער) אונ דר לאנגט איין מאל אונ דעם אנדערין, דאן איז מען אויס פהילאזאף... — אסך פארטייען זיינען ארויס אויף אדועל מיט דעם קאזאק, אנדערע אלס מאטריאלישען ציעל: וואָרום זאל מען נעמען אויף זיך אזא לאסט, פון אפרוי אונ קינדער? דעם גאנצין לעבין זאל מען זיין וויא אקאטערזניק געשמיט צום טאצקע, בעסער צו זיצין אבחור אדער אפריילען, אפראיע פייגעלע. נוא! ווער האט גיזיגט דעם דועל אז ניט דער קאזאק *)? זיי האבען ניט גיוואָלט חתונה האבען אין זייערע בליהענדע יאהרין צוא האבען גיזונטע קינדער, האבין זיי חתונה גיהאט צו פיערציג יאהר, אן כח אונ אן אמוח, זי איז גיוואָרין פון איין אלטע מויד איונגע ווייביל, גיהאפט פאר נויט איין אלטין מאן אן ציינער. — אויך די וואס זיינען גיגאנגען אויף אדועל מיט'ן קאזאק אלעס מוראלישען ציעל, וויא דיא גייסטליכע פון איינינע נאראדין אונ האבין דאבט זיך מנצח גיוועזן דעם דועל. האט אונז דיא פראקטיק באוויזען, אז דער נצחון איז נור לפנים, אין דער ווארהייט איז דער קאזאק גיבליבען אקאזאק, ער זיצט נור אויף איין אנדער נאמען, ער הייסט „שוועסטער"... מיט איין וואָרט עס איז אעוויגער דועל, צווישען דעם קאזאק מיט זיינע

צוויי

---

*) אונזער קעניג דוד, האט פון דעם גילערינט זייער אטייערין מוסר'ל. וויא מען דערצעהלט זיך פירבטען פאר גאט. א! וואס פאר אמעכטיגער וקעניג ער איז, קענין זיין איין קאזאק, וואס ער האט אוועק גישטעלט (היסק, מען זאל נים הרוב מאכין זיין וועלט) קענען דיא גרעסטע העלדין ניט בייעטיין, מיט קיינע גיוועהר אויף דער וועלט, ניט מיט מאטריאלישע ניט מיט גייסטליכע. ער זאגט דאס זייער קורץ אבער שארף (נאך דיא ערקלערונג פון אונזערע חכמים) יראו מה' כל הארץ ממנו יגורו כל יושבי תבל, כי הוא אמר ויהי (זו אשה) הוא צוה ויעמוד (אלו בנים, שבת קנב.), באטראכט נור די הכמת חזל, וויא אין איניגע קורצע ווערטער האבין זיי איין געפאסט אזא ערהאבענעם גידאנקען.

צְוַויי גֶענְגֶער (תשוקת המנוחה און מוראלישע נעפיחלען) אוּנ דֶער אֵיינֶער מַאכְט אַחוּרְבָּן אִין דִיא צְוַויי מַחֲנוֹת. דוֹר הַמַבּוּל זַיינֶען אָב גִימֶעקְט גִיוָוארִין פוּן דֶער וֶועלְט אִיבֶּער זִימָה. סְדוֹם אוּנ מִצְרַיִם הָאבִּין גִיקְרָאגִין אַגוּטִין קְלַאפ פוּן אִים, אוּנ עַד הַיוֹם קְרִיכְט עֶר נָאר אִין דִיא הוּיכֶע פֶענְסְטֶער אוּנ מַאכְט אַמְרִיוָואגֶע צְווִישֶען פִיל פַאמִילְיֶען. עֶר לִיעבְּט אַצְהַייטֶע אוּנ אַדְרִיטֶע (די איינציגע פרוי, איז נור פון לפנים ושגין) אוּנ אִיר גִיפֶעלְט אוֹיךְ דִי גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ טוּט אִים נָאךְ...

בַּאטְרַאכְט נוּר, וואו הָאט אִיר אַזא רַאיֶעלֶען פַאמִילְיֶען לֶעבִּין, וִויא בַּיי דִי אָרִינְטַלִיכֶע רֶעלִיגְיָאזֶע אִידִין (אנזוערע שונאים אפילו ווינען דאס אויך מודה) אוּנ דָאס אִיז נוּר וַוייל מִיר הָאבִּין אַהֵיילִיגֶע תּוֹרָה, וָואס אִיהרֶע וֶועגִין זַיינֶען פְרִיעֶד. אוּנ זִיא הָאט גִימַאכְט אַשָׁלוֹם צְווִישֶען דִיא עֶווִיגֶע קְרִיג, אָבֶּער אִין זַייעֶר אַקְלוּגִין אַרְט. זִיא הֵייסְט נִיט שְׁטְרַייטִין מִיטִין קָאזַאק, וַוייל עֶר אִיז אוֹיךְ אַ עֶרִינְסְטֶער דִינֶער בַּיין וֶועלְט קֶענִיג, גְלַייךְ מִיט דִיא פְהִילָאזָאפְיֶע, מֶער נִיט דִיא פְהִילָאזָאפְיֶע אִיז פוּן גְווַארְדְיֶע אוּנ דֶער קָאזַאק אִיז פוּן אַנִידָערִיגֶערִין פָאלְק, אָבֶּער בֵּיידֶע דִינֶען בַּאיי אֵיין קֶענִיג, דְרוּם אִיז בַּאיי אוּנְז דִיא פְרַאוִוילֶע, אַז אַפִּילוּ דֶער הֵיילִיגְסְטֶער מַאן (דער כהן גדול), דַארְף אוֹיךְ גֶעמֶען אַפְּרוֹי. זִיא הָאט אוּנְז נוּר גִיהֵייסִין, אַז מִיר זָאלִין זִיךְ סְטַארֶען דֶעם קָאזַאק צוּ גֶעבִּין בִּילְדִין, מַאבִין אִים לְפָחוֹת פַאר אַהַאלְבִּין פְהִילָאזָאף, מִיט דֶעם וָואס זִיא (דיא תורה) הָאט אוּנְז פַאר-אָרְדִינְט, אַז מַאן אוּנְד פְרוֹי זָאלִין זִיךְ הֵיילִיג פִירֶען, זָאלִין זַיין אָב גִישֵׁייד אִין דִיא צַייטִין וָואס פַאר בָּאטִין אִיז, וָואס דַאן אִיז זַייעֶר שֶׁעדְלִיךְ פַארְ'ן קֶערְפֶּער אוּנ נָאךְ מֶעהְר פַאר דִיא זֶעלֶע, אוּנ הָאט אוֹיךְ אָן גִימֶערְקְט (והזרתם את בני ישראל מטומאתם, אזהרה לבנ"י שיפרשו מנשותיהן עונה אחת סמוך לווסתן), אַז נִיט אַזוֹי בְּעֵת דֶער מָאנַאטְלִיכֶער גַאסְט קוּמְט דַארְפִין זֵיי בֶּעזוּנְדֶער זַיין, אַפִּילוּ וֶוען זִיא רִיכְט זִיךְ אוֹיפְ'ן נַאסְט, דַארְף זִיא 12 שְׁטוּנְדֶען פְרִיעֶר זַיין אָב גִישֵׁייד פוּן מַאן. אוּנ הָאט גִישְׁרִיבֶּען דֶעם טַעַם (ולא ימותו בטומאתם בטמאם את משכני אשר בתוכם), ד. ה. דֶער וֶועלְט קֶענִיג הָאט גִינוּמֶען אַקְוַואטִיר (אוואהנונג) צְווִישֶען יוּדִישֶׁען זִיווּג, צְווִישֶען דִי צְוַויי פְרָאסְטֶע נַאטִירְלִיכֶע פַאיֶער פוּן מַאנְס פֶערְזָאן אוּנ פְרוֹיעֶנְצִימֶער „אֵשׁ וְאֵשׁ" (פאיער און פאיער) וֶוען דִיא צְוַויי פַאיֶער, קוּמֶען צוּ זַאמֶען, קֶען וֶוערִין אַגְרוֹיסֶער פָאזַאר אוּנ חָרוּב מַאבִין דִיא וֶועלְטִיל (האדם עולם קטן), הָאט דֶער עֶווִיגֶער גִיגֶעבִּין זַיין מִיטֶעל, אַז מֶען זָאל שׁוּתְּפוּת מַאבִין מִיטְ'ן גֶעטְלִיכֶען פַייֶער, וָואס עֶר אִיז „אֵשׁ אוֹכְלָה אֵשׁ" דֶער נַאטִירְלִיכֶער פַייעֶר וֶוערְט גִילַאסֶענֶער קֶעגִין גֶעטְלִיכֶען פַייעֶר, אוֹיף דֶעם וַוייזְט דֶער רֶמֶז, וָואס עֶר הָאט אַרַיין גִישְׁטֶעלְט זַיין נָאמֶען י"ה, אַז אַנְשְׁטָאט „אֵשׁ וְאֵשׁ" וַוערְט, „אִישׁ וְאִשָּׁה" רוּפְט זִיךְ דָאס דֶער הֵיילִיגֶער

ווערט

וועלט קעניג, האט אקוואטיר ביי אונז, דארף דער מענש מיט אגיפיל זיין פארזיכטיג צו האלטין זויבער אונ היליג דיזין גאטליכען קוואטיר. אונ ווען ער פארשמוצט זיך, ער איז ניט בעזונדער אין די צייטין וועלכע מען דארף בעזונדער זיין, הייסט עס, אז ער איז מטמא דיא געטליכע רוהונג, וואס צווישען דעם זוג איז (בטמאם את משכני אשר בתוכם), דער פאר קומט חלילה מיתה (ולא ימותו בטומאתם). אונ נאך דיא גאטליכע גיזעצע, ווערט דיא פרוי אנדערס ניט ריין פון דיזען שמוץ, נור דורך די כשרה מקוה, וואס זיא איז גיארדענט נאך דיא פראגראמע פון דער תורה (נאכהער אז זיא האט ניצייהלט דיא 7 ריינע טעג) וויא עס איז בעשריבען דייטליך אין „עזרת נשים" פון פרק „קליין טייכעלע" (מעשה אלפס ח"ג). אונ אויב אייך – אדעלע דאמען – איז אנגינעהם צו פערברייגגען מיט מיר נאך אוויילע (איך פאר זיכער אייך, אז אייערע מאגען וועלין קיין פאראיבל האבין, זייא חייסין אז איך וועל מיט אייך חלילה ניט ריידין קיין אונפאסיגען גישפרעך), וועל איך אייך דער ציילין אגישפרעך פון מיינעם אחבר מיט א היינט-מאדישע כלה:

„אידען זיינען איינע נידערטרעכטיגע פאלק" – זאגט איינע פריילען געענדיגטע גימנאזיום, א כלה פיר א אינזשענער. א יאהר 23, זיצענדיג נעבין איר מוטער א מאדאם א יאהר 43, דער פאטער דער יוריסט, איז פיר זיך אין זיין צימער אין פיסמענע ארבעט פיר נומען.

– פיר וואס? – פרעג איך איהר –

– גוט, וואס איהר זייט דא אנגעקאמען – אנטווארט דיא מוטער – מיר האבען דא איינגעשפרעך וועגין דער יודישער „מקוה" געהאט, אין 2 וואכען צייט, בעדארף ביי אדען (זא הייסט דיא טאכטער) האכצייט זיין, איהר נאתאן (זא הייסט איהר חתן) האט איר אין אבריף היינט, אויפמערקזאם וועגין דעם געשעפט געמאכט.

– ד"ה, נאתאן האט דעם גישעפט פון דער מקוה צו נישט געמאכט?

– יא, – זאגט די מוטער – ער זאגט, אין זיין בריף, אז ער וואלט בעסער געהייסען אלע ארתדכסין אין דער אויטא-דא-פע טובל זיין...

– הייסט דאס – זאג איך – נאתאן וויל, אז די 20-טע יארהונדערט זאל זא נאריש ווערין וויא דיא 15-טע מאה?

די מוטער שמייכעלט אונ די טאכטער ערגערט זיך. קרימט זיך...

– איהר זייט געפארבט, פיר מאסקירט – זאגט די טאכטער – איהר זייט גאר ניט זא אומגעבילדעט וויא איהר מאכט זיך. אייער געשעפט ברייגגט אייך מיט. אלע יודישע דומהייטען זאסשציטעוועו...

מיט

— מיט וואס, איז ביי אייך דיעזער פרעדמעט זא ווינאוונע? פייער ברענט, אבער וואסער קיהלט! ווער עס האט די מקוה פיר זוכט, דער איז קאלט, סאלידנע, געלאסין, אן כעס, אן ליארעם, קאלט בלוטהיג דורך געשמועס'ט.

— "סאניא פאיידי סיודא"! רופט אויס די פריילען. עס קומט אריין א אלטינקע פרוי, א יאהר 70, — דאס איז א נאניע ביי א זיי אין הויז — די פריילען פרעגט איר: פון וואס איז אייער "הינדע" געשטארבען?

— "פון גאט!" אנטווארט דיא אלטינקע —

— ניין, איר ליעבקינד! שרייט די פריילען — פון דער "מקוה", איר זעלבסט האט דאך מיר דערצעהלט. אז אייער בת יחידה, הינדע, איז ביי אייך א יונגע יתומה געבליבען, איר האט איר א ארדענטליכען מאן, א רעמעסלאניק געגעבין, נדן, גארדעראבע, 10 מאנאטין נאך דער חתונה... נוא!...

— די אלטינקע ענדיגט: איז מיין הינדע געשטארבען, פון א אפעראציא אין קליניק.

— טא רעט זעה סאניע ווי א מענש — פארריכט איהר די פריילען — "געשטארבען פון דער מקוה", מען האט איהר א גראבען פינגער שנאידענ'דיג, דעם נאגעל פערשניטען, די פוס האט פערפוילט, מען האט זי געשניטען — זי ענדיגט —: זי איז נאך א שוואנגערע געוועזן, אט האט איהר שאן 2 זשערטוועס (קרבנות) פון דער מקוה, וואס "איך" ווייס, וויפיל ווייסט איהר? דער צעהלט!

די אלטינקע געהט אפ אין קינדער-צימער אונ שפריכט געהענדיג: "זיא איז געשטארבען פון גאט, ניט פון דער מקוה"!...

— זעהט, זאג איך, דעם קאנטראסט פון אונזער גלויבען ביז דיא בילדונג אהן אמונה: די אלטינקע, די ביטער הארץ, וואס איז פילייכט געוואונדעט פון די פיילען פון יודענטהום, מיט בעשולדיגונג פון דיא דומע ניט געלעהרינטע פרויען די באדע'ס דינערינס, די נאגיל שניידערינס, דאך בעשולדיגט זי קיינעם דעריין, נור גאט אונ גאט, "ער" האט געגעבין אונ "ער" האט גענומען (ד' נתן וד' לקח). זיא ווייס אז ער, איר מאן, וואס איז אויך יונגערהייד געשטארבען, נאך פיל יונגע פרויען וואס זיינען געשטארבען, וואס מען האט ביי זיי קיין נאגיל ניט פערשניטען זיינען דאך אויך געשטארבען!. — 2-טענס: ווער לאזט די אינטעליגענץ ניט, אז געענדיגטע גיקאנטשעטע פעלדשעריצעס, וואס זיינען דא גענוג אין דיא גרויסע שטאט מיט דיפלאמען אין די הענד אונ אן בראד אין מונד, זאלען גענומען ווערין אין

אין די יודישע באדען , אויף איניגע שטונדען , צו מאכען מעססאזשען ,
לעזירען האר , קאמען , וואשין , אונטער'נעמען נאגנאטקעס, נאגיל אונ ד. ג. —
אונזער יוסטיצע הייסט נאר נאגיל שניידען, אבער ניט פינגער , דער
„מעשה אלפס" (דריטער טהייל זייטע 76) מאכט אויך אויפמערקזאם דערויף, מען
זאל געהיט זיין ניט שניידען ביז בלוט חלילה . אונזער תורה איז בעוואוסט
פיר א תורת חיים, א גוטע, א געזונטע, זי שטימט מיט דער מעדיצינע,
מיט דער היגיעניע· רעהנקייט , זויבערקייט , טשיסטעטא איז איינע פון
איהרע הויפט-געזעטצע , פון די גלאוונע רעליגיאזישע פראווילעס . . .

— די פריילען פאלט מיר אין מיינע רייד אונ פרעגט : אונ די מענליכע
ליבע איז א האן ? . . .

— יא , זאג איך, די הון ווערט אויך געהאסט אויף דעם האן , דער פיר
וואס זי קיין בעשטימטע צייט האט צו איהם . פון דער וועיטענס ליבט זיך
דער'נאך בעסער. אונזערע חכמים, די תלמודיסטען זיינען אויך קיינע
אנגלען גיוועזן . אבער דערום , קאנען מיר מענשין זייערע שילער זיין,
זיי האבען טאקע די פסיכעלאגיע גוט געלערינט , זיי האבען געזאגט אין
דער אורזאכע פון דיזען שמועס , אז דאדורך דעם וועט די מענליכע ליבע
אבגעפרישט ווערין *) „בכדי שתהא חביבה על בעלה כיום שנכנסה לחופה"
צו ליעב פרנסה — זאגט די וועלט — קאן אמענש אמאל פון זיין בעסטען
פריינד אנטלויפען מאיילין וייט . נאך מער צו ליעב — ליבע .

— די מאנאטליכע - פלוס — זאגט די מאדאם — איז אם העכסטין 4–3 טאג ,
צו וואס באדארפ'מען 12-14 ? מען צו'רעהצט נור דעם מאנס'פערזאן אונ מען
בריינגט מער פיינדשאפט איידער פריינדשאפט !

— דער גביר - זאג איך — פערקיהלט זיך אפט גיכער אין זיין ווינטער
פעלץ, פון דעם ארומאן געהענדיג נאקענד אונ בארפוס . די ליבע איז גיכער
ביי

*) באטראכט די הייליגקייט פון אונזער תורה, אז זיא האט אין איין ווארט איין געוויקעלט
אזוי פיל גידאנקען , לבד וואס זיא ערקלערט אונז אין גייסטליכען ארט, אז דער אב שיידען
זיך אין די צייט וואס פארבאטען איז , פארהייליגט דעם מענשין אונ עס בילדעט אויס דעם
קאזאק פאר אהאלבין פהיליזאף (וויא מיר האבין פריער ערקלערט) האט זיא אונז בעמערקט מיט
דיא אויסדריקע „והזרתם" וואס דער בעדייטונג פון דעם איז (צוריקווייכען אום ווייטען לויף אין גראססערן
שוואונג מאכען צו קענען), אז דאס איז אריינער אטייערער מיטל צו דיא „ריינע הערצליכע ליבע" ,
אז דיא אבשיידונג דיא צייט , וואס איז בעשטימט פון דער תורה מאכט דיא ליעבע פריש
אזוי וויא דיא ערסטע צייט , הייסט עס דער אבשיידונג , וויא איינער טרעט אב איניגע
שריט צוריק, בכדי צו לויפין פאראוים מיט מער שוואונג (עי' קוא"ק בטעמא דקרא לפ' מצורע) .

בּייא דִי אָרְתָאדָכְּסִישֶׁע מֶאנֶער אֵיידֶער בַּייא דִי אִינְטִילֶעגֶענְטִין ... אוּנ טַאקְע פִּיר דֶעם זֶעלְבִּין טַעם ...

— דִי לְבָנָה מֶעג שַׁיינֶען וִויפִּיל זִי קָאן, דָאךְ בְּלַייבְּט נַאכְט, אַנְטְוָוארְט דִיא פְּרַיילֶען.

— אוּנ אִיךְ זָאג: וֶוען דִי גֶעדִיכְטִ'סְטֶע, דִיקֶע, נֶעבֶּעל וָואלֶקֶען פַארְשְׁטֶעלֶען דִי זָאנֶנֶע — דָאךְ פֶּערְבְּלַייבְּט דֶער טָאג, טָאג. וֶוען זַיי וָואלְטֶען אַ קְלָארֶערֶע רֵיינֶע צִיוִוילִיזַאצְיָאנְס בִּילדוּנְג גֶעהַאט, דַאן וָואלְטֶען זַיי דֶעם טָאג דֶערְזֶעהֶען. דֶעם גְרָאבֶּען מַאן הֶעלְפְט קֵיין רִיהְמֶען נִיט. דֶעם אֶמֶת גֶעלֶעהְרִינְט מַאן, פִּיל דוּ וֶועסְט אִיהם שֶׁענְדֶען פִּיר בְּלַייבְּט עֶר דָאךְ גֶעלֶעהְרִינְט. אַדֶעל. אִיךְ אֶרְגֶער זִיךְ נִיט פוּן זַייעֶרֶע וָוארְטִין, אִיךְ רֶעכִין אַז זַיי בַּאלֵיידִיגֶען זִיךְ אוֹיךְ נִיט ...

— בַּייא אוּנְז וָואלְטִין זַיי פִּילַייכְט שָׁאהְן גִ'פּוֹעֶלְ'ט, אָבֶּער דִי מַאנְס-פֶּערְזָאנֶען? אַנְטְוָוארְט דִי מַאדַאם.

— „דִי נְשָׁמָה פוּן אַ פַארְלִיבְּטֶע לֶעבְּט נוּר אִין אַ פְּרֶעמְדִין קֶערְפֶּער" — זָאגְט דִי וֶועלְט, דֶער בֶּעסְטֶער בֶּעוַוייז אַז דִי וֶועלְט אִיז רוּנְד (קיילעכדיג) הָאבֶּען מִיר פוּן דֶעם: וָואס וַוייטֶער וִויא דִיא וֶועלְט קָאנְ'מֶען נִיט קָאמֶען. אַ גְרֶענֶעץ אִיז דָא צוּ אַלֶעס וָואס אִין דֶער וֶועלְט זָא וִויא צוּ אִיר זֶעלְבְּסְט. דִי פְּרוֹיעֶן-פְלוּס זֶעלְבְּסְט אִיז אוּמְבֶּעשְׁטִימְט, אוּנְזֶער יוּדֶענְטְהוּם הָאט אִיהר אַ בֶּעשְׁטִימְטֶעס צַייט גֶעגֶעבִּין. גֶעזוּנְט אִיז דָאס. דִי אוֹיסְטְרָאייסְטְוֶוע דֶער'צוּ אִיז שׁוֹין דִי יָארִין גֶעאָרְדֶענְט רֶעפָּארְמַאטֶעשׁ. דִי בַּאד גוּט. דִי מִקְוָה — קֶערְפִּיטְשׁ, קַאבֶעל גֶעבַּיידֶע, דִי וַואסֶער וֶוערְט גֶעבִּיטֶען זוֹיבֶּער וִוי קְרִיסְטָאל, [2] קְרַאנֶען זֵוארִימֶע קַאלְטֶע מֶעסְסִינֶע, גְרַאד וִוי מֶען פַארְלַאנְגְט, דִי לִיבֶּע דִי מֶאנְלִיכֶע וֶוערְט גֶעפֶּעסְטִינְט, פֶּער וָואס זָאל אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער נִיט גֶעהִיט זַיין דֶערַיין?!

— „וָואס הָאבֶּען זַיי זָא שְׁטַארְק זִיךְ צוּ הִיצְט"? גֶעהט אַרַיין דֶער ווִירְט זֶעלְבְּסְט פוּן זַיין יְרוּסְטִיצֶעקֶע אַרְבֶּעטְ'ס צִימְמֶער, דִי הַאנְט אִין דִיא טַאשִׁין וֶוענְדֶענְדִיג זִיךְ צוּ מִיר — אִיהר ווִילְט זַיי אַיינְבִּילְדֶען דֶעם יוּדאַאיזוּם! נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג, זָאנְטעֶר, אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַ מֶענְשִׁין רִיכְטִיג קֶענֶן עֶרְלֶערְנֶען. דֶען דֶער מֶענְשׁ מִיט זַיין נַאטוּר עֶנְדֶערִין זִיךְ יֶעדֶער זֶעקוּנְדֶע, דֶעם מֶענְשִׁין וָואס אִיךְ זֶעהֶע יֶעצְט, וֶועלְכִין אִיךְ לֶעהְרֶען דָא בַּאיין טִישׁ, דֶער אִיז שָׁאן נִיט דֶער זֶעלְבֶּער אַז אִיךְ שֵׁיידֶע זִיךְ פוּן אִיהם, אוּנ עֶר גֶעהט אָפּ וִויהִין עֶר בֶּעדַארְף ...

וואס

—וָואס זָאגְט דֶער זַאקָאן? —פְֿרֶעג אִיךְ אִיהם— אָבֶער, הֵייסְט דֶער וָוארְט „מַמְזֵר בֶּן-הַנִדָה" אַ קְלִיוֶעטַא?

—יַא. אֶנְטְוָוארְט עֶר, אָט נִיט לַאנְג הָאט זֶעמְסְטְוָוא, דָא אִין מ. גֶעזֶעצְט דֶער פִֿיר 2 טֶאג אַרֶעסְט.

—וֶועגִין דֶעם הָאבֶּען מִיר דָא גִישְׁמוּעֶסְ'ט, זָאג אִיךְ. אַז בַּייא הַיינְטִיגֶען טָאג אִיז נָאךְ דֶער אוֹיפְֿפִֿיהְרוּנְג פֿוּן דֶער גְרָאסְסֶער מַאסְסֶע אִידֶע, קֵיין פֿוּסְטֶער וֶועזִין, דָאס הָאט אַ זִין, אַ פַֿאלְשֶׁע פִֿירְמֶע קֶען נִיט גֶעפֶֿעלִין אִין דִי אֵייגֶען פֿוּן דֶעם סָאוֶואסְט. „נִדָה" אִיז וֶורְעדְנֶע, אוּנְגִיזוּנְט, נִיט רֶעלִיגְיֶעזֶעשׁ...

דָאס הֵיינְגְט נוּר אָן דִי פְֿרוֹיעֶן, נִיט אָהן דִי מֶאנְנֶער —זָאגְט דֶער ווירְט-זַיי שְׁטֶעהְט פְֿרָאסְט נִיט אָהן, גֶעהְן אִין דֶער זֶעלְבֶּע וֶועג פֿוּן דִי אַרִימֶע.

—עֶרְשְׁטִינְס—זָאג אִיךְ— אִיז דָא נָאךְ פִֿיל, פִֿיל גְרָאסְאַרְטִיגֶע דַאמֶען וָואס הִיטֶען דָאס. צְוֵוייטִינְס— בֶּעסֶער, זָאגְט מֶען, מַאכֶען זִיךְ צוּם נַארֶען אֵיידֶער אוּנְרֶעכְט טְהוּן.

— וֵוייסְט אִיר דֶען נִיט, זָאגְט עֶר, וָואס סַאלִימָאן מוּדְרִי זָאגְט: פִֿיר אַ קְלֶענֶערִין קֶענֶער פֿוּן דִיר, וַוייז דַיין קֶענְטְנִיס נִיט, דֶען עֶר וֶועט דִיךְ נִיט פִֿיר שְׁטֵיין!

— אִיךְ שְׁטוּדִיר מִיט זֵיי נִיט, אִיךְ בֶּעט זֵיי נוּר — פְֿרוּבִּירֶען.

„פְֿרוּבִּירֶען —זָאגְט דִי וָועלְט— שְׁטֶעהט הֶעכֶער פֿוּן שְׁטוּדִירֶען".

—אַפָּאעֶט שְׁרַייבְּט —זָאגְט דִי טָאכְטֶער— דֶער מֶענְשׁ בֶּעדַארְף עֶנְטְוַוידֶער „טְהוּן" וִויכְטִיגֶעס, אַז עֶס זָאל וֶוערְט זַיין צוּ פִֿיר שְׁרַייבֶּען, אָדֶער פִֿיר „שְׁרַייבֶּען" וִויכְטִיגֶעס עֶס זָאל וֶוערְט זַיין צוּ לֶעזֶען, אַלְזָא, אִיךְ פֿוּן מַיין זַייט קֶען עֶרְפִֿילֶען דִי טְהַאט, אוּנ אִיר—אַייֶערְס.

מַיין אַרְבֶּעט הָאבּ אִיךְ דָא גֶעטָאהן, אוּנ „זֵיי"? *)

דיין חבר הגפ"ן מ"מ דמאָהילוב דניעפר.

יֶעצְט וֶוערְדֶע אִיךְ אַייךְ נָאךְ עֶרְקְלֶערִין אַבִּיסִיל פְּרַאקְטִישׁ, זֶעהט צַייט אִיהר הָאט אוֹיף גִיהֶערְט צוּ דַאוֶונֶען אוּנ שַׁבָּת צוּ לֵייעֶנֶען דִי סֶדְרָה אִין צְאֶינָה וּרְאֶינָה אָדֶער נַחֲלַת צְבִי. קַב הַיָשָׁר, מְנוֹרַת הַמָאוֹר אוּנ ז. ו. אוּנ

---

*) ווענן דיא שטאָלציגע כלה'ס, וואָס עס פאַסט זיי ניט פאר דער חופה אָב היטען וואָס אָנבאַלאַנגט צום רעליגיאָן „בלעז דורך (אין „מעשה אלפס" צווייטע פּהייל זייטע 33) די געשיכטע פון קאָניגסבורג-מיט דעם נאָמען „ברת ווילהעלם דער גרויסער".

אונ אִיהר הָאט זִיךְ גִינוּמֶען גָאר נִיט, וִויא עֶס בֶּעדַארְף צוּ זַיין אַ כְּשֵׁרָה בַּת יִשְׂרָאֵל, אִיהר הָאט זִיךְ גִינוּמֶען כְּלוֹמֶרְשְׁט צוּ בִּילְדוּנְג, צב"ש דִי פְּרֵייְלֶענְס הָאבִּין זִיךְ גִינוּמֶען צוּם פּוּץ, לֶעזִין רָאמַאנֶען, אוֹיסֶער וָואס זֵייעֶר וִוירְטְשַׁאפְט טוֹיג נִיט, גְלוֹיבִּין זֵייא אַזוֹ וִויא דֶער פִּיסַאטֶעל שְׁרַייבְּט אַזוֹ בִּידַארְף דֶער חָתָן זַיין, אוּנ זִיא מוּז הָאבִּין אַמַאן אַיין גִיבִּילְדֶעטִין, אַיין דָאקְטָאר, אָדֶער אַיוּרִיסְט א. ז. ו., נוּא לָאמִיר זֶעהֶען בִּיז וִויפִיל יָאהר זִיצִין יֶעצְט אִידִישֶׁע טֶעכְטֶער פוּן דֶער קְלַאסֶע, זֵייא זִיצִין בִּיז 25-30 יָאהר, פוּן דִיא שֶׁענְסְטֶע פְּרֵיילֶען וֶוערְט אַ אַלְטֶע פְרוֹי אָן יָאהְרִין. דִיא גִיבִּילְדֶעטֶע חֲתָנִים, וָואס פַאר לַאנְגֶען פִיל גֶעלְט, וָואלְט זֵייא פַאר 40 יָאהר צוּרִיק אַשׁוּסְטֶערְס אַטָאכְטֶער אוֹיךְ נִיט וֶועלֶען נֶעמֶען. דִיא זַאךְ אִיז גַאנְץ אֵיינְפַאךְ, דִיא פְרוֹיֶען הָאבִּין גִיוָואלְט הָאבִּין רֵיינֶע כְּשֵׁרָה אִידִין פַאר מַאנֶען, אָבֶער דִיא וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין אָן גִיגֶעסִין מִיט טְרֵפוֹת אוּנ הָאבִּין שׁוֹין אָפּ גִיטָאהן גָאט וֵייס וָואס, הָאט מֶען זִיךְ מִיט זֵיי גָאר נִיט גִיוָואלְט מִתְדַבֵּק זַיין. אַ אִידִישֶׁער גְבִיר אָדֶער אַנָגִיד אָדֶער סְתָם אַ בעה"ב, הָאט גִיזוּכְט נָאר אַגוּטִין אִינְגִיל, אַנְדֶערֶע הָאבִּין אוֹיךְ גִיזוּכְט אַז דֶער אִינְגִיל זָאל נָאךְ זַיין אַ יַחְסָן, וֶוער זַיינֶען גִיוֶוען דִיא יַחְסָנִים, דִיא צַדִיקִים דִיא רַבָּנִים דִיא פְרוּמֶע אִידִין, דֶער גַאנְצֶער כָּבוֹד אִיז גִיוֶוען דִיא תּוֹרָה, דֶער חָתָן הָאט גִיזָאגְט אַ דְרָשָׁה, עֶר אִיז גִיוָוארִין אַ רַב. וָואס הָאט מֶען אִיהם גִיגֶעבִּין נַדַן? אִיז גָאר פַאר צַייטִין בִּימֵי הַתַּנָאִים וְהָאֲמוֹרָאִים. הָאט מֶען פַאר אַייךְ טֶעכְטֶער נָאךְ אַייֶערֶע עֶלְטֶערִין צוּא גִיצָאלְט, נָאר שְׁפֶּעטֶער הָאט מֶען שׁוֹין אָן גִיפַאנְגֶען צוּ גֶעבִּין נַדַן פוּן חָתָנְ'ס צַד אוּנ פוּן דִיא כַּלָה'ס צַד, אוּנ דִיא עֶלְטֶערִין זַיינֶען דֶער פוּן נִיט אָרֶעם גִיוָוארִין, וַוייל דֶער נַדַן אִיז גִיוֶוען אַ גַאנְץ קְלֵיינֶער. פוּן דֶעסְטְוֶועגִין אִיז דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל, וֶועלְכֶע עֶס הָאבִּין גִיגֶעבִּין וֵוייניגֶער נַדַן הָאבֶּען אִימֶער גִיטָאהן בֶּעסֶערֶע שִׁידוּכִים, אוּנ פוּן דִיא קְלֵיינֶע נַדַן אַז גָאט ב"ה הָאט גִיגֶעבִּין הַצְלָחָה זַיינֶען זֵיי גִיוָוארִין גְבִירִים אוּנ הָאבִּין מַאֲרִיךְ יָמִים גִיוֶוען אוּנ הָאבִּין דֶער לֶעבְּט אוּר אוּר אֵיינִיקְלִיךְ, יֶעדֶער פָאטֶער הָאט גִיזֶעהן נַחַת פוּן זַיינֶע קִינְדֶער. אָבֶער יֶעטְצְט בעו"ה צַייט אִיהר הָאט זִיךְ אַרַיין גִילָאזִין אִין אַייֶערֶע פּוּסְטֶע זַאכִין מִיט דִיא רָאמַאנֶען, אוּנ אַייךְ אַרְט גָאר נִיט וָואס דֶער חָתָן אִיז אַ אוֹיס וָוארְף אַ טְרֵיפָה בַּיין, עֶס אִיז אַ שַׁאנְדֶע צוּ רֵיידִין, נָאר אִיר קֶענְט אַלֵיין פַאר שְׁטֵיין ... אַזֶעלְכֶע, שְׁטֶעלִין אַייֶערֶע עֶלְטֶערִין בְּדַלוּת, גִיבּ אִיהם צֶעהֶן טוֹיזֶענְד רו"כ, אַ אַנְדֶערֶער זָאגְט נָאךְ צְוַואנְצִיג, שׁוֹין זֶעה זַייט אִיהר גֶעבִּיךְ אַזוֹי נִידֶערִיג? עֶס אִיז דָאךְ אוֹיף אַייךְ אַ גְרוֹיסֶער רַחֲמָנוּת, אִיהר וֶוערְט פַאר דַארְט, אָבֶער דִיא חֲתָנִים דַארִין

נִיט

ניט, ווייל זייא האבין דאך ניט מורא פאר גאט, ניט קיין בושה פאר לייטין, אונ צום: שידוך זאגט ער אויך עס שאדעט ניט. ווייסט איהר טייערע פרויען ווער איז דאס שולדיג? איהר מוטערס, אויך מאנכע מאל די פאטערס, ווייל די אידישע טעכטער האבין קיין ריכטיגע רעליגיאזישע ערציהונג. איך וויל ניט שיטין קיין זאלץ אויף דיא וואונדין, מען מוז דאך אביסיל פרילליציע אויך האבין, אונ איבער הויפט טאר מען צו פיל פון חדר ניט אוים זאגין. אונ דאס איז דאך ניט דער ציעל פון מיין בראשיורע. מיין ציעל איז דאך נאר אייך אויף צו וועקין אום איהר זאלט ח"ו ניט פאר זינדיגין אייערע יונגע מאנען אונ קינדערלאך, אונ מיינע ווערטער זאלט איר נעמען צום הארצין. וויא דער נביא האט געזאגט (ירמיה ב) לשוא הכיתי את בניכם? מוסר לא לקחו, ד. ה. השי"ת זאגט: האב איך דען אום זיסט גישלאגין אייערע קינדער? גיין, איהר האט ניט גיפאלגט דיא תורה הקדושה, דעריבער גיב איך אייך "עלים לתרופה" אריצעפט צום היילין זיך דעם גוף מיט דעם נפש אונ איהר וועט אי"ה האבין אריכות ימים ושנים, וויא דער פסוק זאגט ושומע לי ישכן בטח, ד. ה. ווער עס הערט גאטעס ווערטער דער וועט זיין גאנץ זיכער, ותבא עליכם ברכת טוב אונ עס וועט קומען אלע ברכות פון השי"ת אויף אייך מיט אייערע מאנען אונ קינדער א"ס.

---

# ב.

ליבע טרייע שוועסטער, זייט אויף מיר ניט בייז ח"ו, איך ווינש אייך קיין שלעכטס, איך האב פון אייך פיל צער. שהדי במרומים דאס הייסט אויף מיינע גידאנקען איז דער ציינגער דער וואס אויבין איז, איך האב דאך געזאגט אז איך וועל דא פארשרייבען ארעצעפט, ד. ה. אז איהר זאלט חרטה האבין אויף אייערע זינד אונ פון היינט אן פירין זיך וויא אידישע טעכטער בעדארפין זיך פירין, וועט אייך השי"ת אויך מוחל זיין אונ איהר וועט נחת האבין פון אייערע קינדער. נאר אזוי וויא עס איז דאך פאראן בעו"ה פיל פרויען, וואס ווייסין נעבאך ניט וויא צו ווערין א כשרה אידישע טאכטער, וועל איך אייך דיא הויפט זאכען אוים שרייבען, וויא איך האב פריער גיזאגט, אז איך בין ניט קיין רב, נאר א וועקער, וואס ער וועקט אויף פון אפאזשאר, אונ ראטעוועו מוז מען דאך זיך זעלבסט, אויך בעטין דיא פאזשארנע ערליכע גוטע בעקאנטע זאלין אויך העלפין, אזוי בין איך אויך, איך זאג אייך וואס אין אונזער תורה הקדושה שטייט

אבער

אָבֶער רַאטֶעוֶועָן מוּזט אִיהר זִיךְ זֶעלְבְּסט, וָואס אִיךְ וַויים וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגִין אוּנ אַז עֶס וֶועט פָּארְקוּמֶען וָואס אִיךְ וַויים נִיט, זָאלְט אִיהר שִׁיקִין פְרֶעגִין בַּייא אַיין רָב! וואוּ קֵיין רָב אִיז נִיטָא קֶען מֶען שְׁרַייבֶּען וֶועט יֶעדֶער רָב עֶנְטפֶערִין, אוּנ בִּזְכוּת זֶה וֶועט אִיהר הָאבֶּען גִיזוּנְטֶע קִינְדֶער בַּאֲרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים אוּנ וֶועט פוּן זֵייא אי״ה נַחַת הָאבֶּען אָמֵן סֶלָה:

א דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל פְרוֹיעֶן הָאבֶּען אִירֶע רֶעגֶעלִין אִין אֵיין צַייט צוּב״ש אִין 30 טֶעג, אִין דֶער זֶעלְבֶּע צַייט, טָארִין דִיא פְרוֹיעֶן נִיט לֶעבִּין מִיט זֵייעֶרֶע מַאנֶען מִיט 12 שָׁעָה פְרִיעֶר. אֵיידֶער זִיא שְׁפִּירְט נָאךְ אִיהְרֶע רֶעגֶעלִין, אָבֶער אִין פַאל אַז זִיא בֶּעקָאמְט נִיט אִין אֵיין צַייט, נָאר עֶס אִיז אַ אוּנְטֶער שֵׁייד אִין אֵיינִיגֶע טֶעג, טָאר זִיא שׁוֹין אוֹיךְ נִיט זַיין מִיט אֵיינִיגֶע טֶעג פְרִיהֶער.

ב אִין דִיא צַייט וֶועלְכֶע זִיא אִיז אוּם רֵיין, טָאר דִיא פְרוֹי מִיט דֶעם מַאן נִיט עֶסִין פוּן אֵיין טֶעלֶער, עֶר טָאר נִיט טְרִינְקֶען דָאס וָואס עֶס בְּלַייבְּט פוּן אִיהר גִיטְרַאנְק, אָדֶער עֶסִין פוּן דִיא שְׁפַּייזֶע וָואס בַּייא אִיהר אִין טֶעלֶער אָדֶער שִׁיסִיל נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען, נָאר וֶוען דֶער מַאן הָאט נִיט גִיזֶעהֶן אַז זִיא הָאט דֶער פוּן גִיגֶעסִין אָדֶער גִיטְרוּנְקֶען, אִיז זִיא נִיט מְחוּיָב אִיהם אָן צוּא זָאגִין אוּנ עֶר קֶען עֶסִין גִיזוּנְטֶער הֵייט אוּנ זִיא הָאט דֶער פַאר קֵיין זִינְד.

ג אִין דֶער צַייט וֶועלְכֶע זִיא אִיז אוּם רֵיין, אִיז נִיט רֶעכְט אַז זִיא זָאל אִיהם דֶער לַאנְגֶען עֶטְוָואס פוּן הַאנְט אִין הַאנְט. נָאר זִיא זָאל אַוֶועק לֵייגֶען אוּם דֶער מַאן זָאל וִויסֶען, אַז עֶס אִיז דִיא צַייט פוּן בֶּעזוּנְדֶער זַיין.

ד אִין דֶער צַייט וֶועלְכֶע זִיא אִיז אוּם רֵיין, טָאר דֶער מַאן מִיט אִיהר נִיט פָּארֶען שְׁפַּאצִירֶען אָדֶער שִׁיפִּין זִיךְ פוּן שְׁפַּאצִירֶען וֶועגִין. אָבֶער וֶוען מֶען מוּז פָּארֶען גֶעשֶׁעפְט זַאכִין מֶעג מֶען, נָאר מִיא בַּאדַארְף דָאךְ מַאכֶען עֶטְוָואס אַ סִימָן.

ה אִין דֶער צַייט פוּן בֶּעזוּנְדֶער טָאר זִיךְ דֶער מַאן נִיט לֵייגִין שְׁלָאפֶען אוֹיף אִיהר בֶּעט אַפִילוּ בַּיי טָאג.

ו גְלַייךְ וִויא זִיא זֶעהְט מוּז זִיא אוֹיף פַּאסֶען, וֶוען זִיא וֶוערְט גַאנְץ רֵיין, גַאנְץ אָרֶענְטְלִיךְ רֵיינְטְלִיךְ אַרוּם וַואשִׁין זִיךְ אוּנ אָן טָאהן וַוייסֶע וֶועשׁ מִיט רֵיינֶע בֶּעטְצַייג. דָאס בְּרוֹיכְט צוּ זַיין דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג פוּן אִיהר זֶעהִן צוּם עֶרְשְׁטִין מָאהל, אוּנ דֶער נָאךְ אָפּ צֵיילִין זִיבִּין טֶעג רֵיינֶע אוּנ דֶער נָאךְ גֵיין אִין מִקְוָה, נָאר דָאס מוּזְט אִיהר אַדֶעלֶע דַאמֶען וִויסִין אַז אִין אַ בַּאדְשְׁטוּב אָדֶער אַוַואנֶע הֶעלְפְט נִיט, אוּנְזֶער תּוֹרָה הָאט גֶעהֵייסֶען דַוְקָא

אִין

אין אַמִקְוָה, ד. ה. אַפֶּערְזַאמְלוּנְג וַואסֶער אָדֶער אַטַייךְ, אָבֶּער וֶוען מֶען זָאל אַרוֹיף גִיסִין אָדֶער אוֹיס וַואשִׁין זִיךְ מִיט אַלֶע וַואסֶערִין פוּן דֶער וֶועלְט וֶוערְט מֶען נִיט ַריין. אַזוֹי הָאט השי"ת גֶעהֵייסֶען אוּנ מִיר טָארִין נִיט פְרֶעגִין ַקיין ַקשְׁיוֹת (לעז אין „מעשה אלפס", 3-טען טייל זייטע 59).

ז וֶוען ֶעס טְרֶעפְט זִיךְ, אַז זִיא זֶעהט אַפְלֶעק אוֹיף דִיא קְלֵיידֶער, אָדֶער אוֹיף דִיא טִיכֶעלֶע וָואס זִיא אִיז זִיךְ בּוֹדֵק פְרִיה אוּנ אָוִוינְד אִין דִיא 7 ַריינֶע טֶעג, זָאל זִיא שִׁיקֶען פְרֶעגִין בַּיין ָרב אוּנ זָאל זִיךְ גָאר נִיט שֶׁעמֶען. אַזוֹי וִויא מֶען שֶׁעמְט זִיךְ נִיט צוּ פְרֶעגִין בַּיי אַדָאקְטֶער אוֹיף דִיא פֶּערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען. ַווייל דֶער עִנְיָן „נִדָּה" אִיז דָאךְ ח"ו לֶעבִּינְס גִיפַאהר (כָּרֵת ר"ל).

ח פַאר דֶעם, אֵיידֶער זִיא ַגייט טְבִילָה בְּמִקְוָה, מוּז זִיא זֶעהֶן אוֹיס צוּ טָאהן דִיא צִירוּנְג, ד. ה. רִינְגֶען, אוֹיעֶר רִינְגֶען, אָפּ שְׁנַיידִין דִיא נֶעגִיל פוּן דִי הֶענְט אוּנ דִיא פִים (מען דארף שניידין דיא נעגיל וויא גיוואהנליך, נים חלילה ביז בלוט), ווידֶער ֶעס זָאל נִיט זַיין ֶעטְוָואס אָן אִיהר אָן גִיבּוּנְדִין, אוּם ֶעס זָאל נִיט זַיין ַקיין חֲצִיצָה, דָאס הֵייסְט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וָואס ֶעס זָאל נִיט צוּא לָאזִין דִיא וַואסֶער צוּם לַייבּ.

ט ֶעס אִיז נִיט רֶעכְט, אַז אִין דֶעם טָאג וָואס זִיא בְּרוֹיכְט צוּ גֵיין אִין וַואסֶער, צוּ קְנֶעטִין טֵייג, ַווייל דָאס קְלֶעפְּט זִיךְ אָן, אָן לַייבּ, אוּנ ֶעס קְרִיכְט אוּנְטֶער דִיא נֶעגִיל, וֶוערְט דָאךְ אַ חֲצִיצָה.

י פַאר דֶער טְבִילָה זָאל זִיא זִיךְ גַאנְץ ַריין מִיט וַוארֶעמֶע וַואסֶער נוּט אַרוּם וַואשִׁין דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער, גִיוואוֹנְלִיךְ בֶּעדַארְף דָאס זַיין פַאר נַאכְט.

יא זִיא מוּז אוּנְטֶער טוּנְקֶען דֶעם גַאנְצֶען קֶערְפֶּער אִין וַואסֶער, דִיא הָאר טָאר נִיט זַיין פַאר פְלָאכְטִין, נָאר פַארְנַאנְדֶער גֶעקַאמְט, אוּם דִיא וַואסֶער זָאל צוּ קוּמֶען אִיבֶּערַאל.

יב וֶוען זִיא טוּנְקט זִיךְ אוּנְטֶער דֶעם וַואסֶער, טָאר אִיהר ַקיינֶער נִיט צוּ הַאלְטִין. ֶעס אִיז אוֹיךְ רֶעכְט אִין דִיא ֶערְטֶער וואוּ ַקיין מִקְוָה אִיז נִיטָא, אוּנ ַזייא מוּזִין דָאךְ גֵיין אִין אַטַייךְ אָדֶער אִין אַבְּרוּנֶען, צוּ בֶּעטִין אֵיין אַנְדֶער פְרוֹי. אַז זִיא זָאל זֶעהֶן אוֹיבּ דִיא וַואסֶער אִיז אַרִיבֶּער דֶעם ָקאפּ, אוּנ אַרִיבֶּער דִיא הָאר.

יג וֶוען זִיא אִיז זִיךְ טוֹבֵל אִין אַ טַייךְ, זָאל זִיא זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין וואוּ דֶער גְרוּנְט אִיז לֵיימִיג, ַווייל דִיא לֵיים גֵייט אַריין צְוִוישֶען דִיא פִינְגֶער פוּן דִיא פִים.

יד פַאר דֶער טְבִילָה זָאל זִיא אוֹיס וַואשֶׁען דֶעם מוֹיל אַז ֶעס זָאל זִיךְ גָאר נִיט גִיפִינֶען צְוִוישִׁין דִיא צֵיינֶער.

טו טְבִילָה מוּז מֶען גֵיין אִין אָבִינְט וֶוען עֶס זֶעהט זִיךְ שׁוֹין שְׁטֶערִין, נָאר אִין אַשְׁטָאט וֶועלְכֶע, עֶס אִיז קֵיין מִקְוָה דָא אוּנ מֶען מוּז פָֿארִין אוּנ, עֶס וֶועט וֶוערִין שְׁפֶּעט נָאךְ הוֹיזֶע צוּ קוּמֶען, קֶען זִיא אָן הוֹיבֶּען צוּ צֵיילִין דִי זִיבִּין רֵיינֶע טֶעג מִיט אַ טָאג פְֿרִיעֶר: אוּנ אוֹיף דֶעם אַכְטִין טָאג גֵיין אִין וַואסֶער אַפִּילוּ בַּיי טָאג (וואו עס איז דא א רב זאל מען בעסער פֿרעגין).

טז וְויא זִיא גֵייט אַרֵיין בִּיז אִיבֶּער הֶעלְפְֿט אִין וַואסֶער זָאל זִיא מַאכִין אַבְּרָכָה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ עַל הַטְבִילָה. וֶוען אִיהר וֶועט דָאס מְקַיֵים זַיין, וֶועט אִיהר בִּזְכוּת זֶה זוֹכֶה זַיין מְגַדֵל צוּ זַיין אַייעֶרֶע קִינְדֶער בִּקְדוּשָׁה וְטַהֲרָה, אוּנ אִיהר וֶועט דֶער לֶעבִּין פוּן זֵייא נַחַת, בַּאֲרִיכוּת יָמִים וְשָׁנִים, אָמֵן סֶלָה:

---

## ג.

יֶעצְט אַדֶעלֶע פְֿרוֹיעֶן וֶועל אִיךְ אַייךְ שְׁרַייבֶּען אֵיינִיגֶע פְּרַאוֶועלֶעס פוּן נֶעמֶען חַלָּה, וַוייל דִיא מִצְוָה אִיז אַייךְ אָן גִיטְרוֹיט. מַאנְס לַייט וֶוען זֵייא בַּאקִין דַארְפִֿין אוֹיךְ חַלָּה נֶעמֶען, נָאר אִיבֶּער הוֹיפְּט בַּאקִין דָאךְ נָאר פְֿרוֹיעֶן, דֶערִיבֶּער לִיגְט דֶער שׁוּלְד אוֹיף אַייךְ, אוּנ וֶוען מֶען נֶעמְט נִיט קֵיין חַלָּה אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה, דַארוּם וְויל אִיךְ אַייךְ פַֿאר הִיטִין אַז אִיהר זָאלְט ח"ו נִיט נִכְשָׁל וֶוערִין אוּנ זָאלְט נִיט מַכְשִׁיל זַיין אַייעֶר הוֹיז גִיזִינְד, וָואס וֶועלִין עֶסִין פוּן אַזֶעלְכֶע בְּרוֹיט, וֶועלְכֶע עֶס אִיז נִיט גִינוּמֶען חַלָּה.

**א** דִיא בְּרוֹיט פוּן וֶועלְכֶע עֶס הָאט גִיבַּאקְט נִיט קֵיין יְהוּדִי מְלַדָה וּמְבֶטֶן (אונ נאכהער קויפט עס א יהודי) בַּאדַארְף מֶען נִיט נֶעמֶען קֵיין חַלָּה.

**ב** וֶוען מֶען פַֿאר קְנֶעט טֵייג צוּם בַּאקִין פוּן דִיא 5 סָארְטִין מֶעל אַ עֶרֶךְ וְויא 3 קְוָוארְט אָדֶער וְויא יֶעצְט אִיז דָאךְ אַיין גֶעפִֿיהְרְט אוֹיפְֿן וָואג אִיז 3 פוּנְט מֶעל, אִיז מֶען מְחוּיָב אָפּ צוּ שֵׁיידִין חַלָּה.

**ג** דִיא 5 סָארְטִין מֶעל וֶועלְכֶע מֶען בַּאדַארְף אָפּ שֵׁיידִין חַלָּה, אִיז פוּן קָארֶענֶע מֶעל, וֵוייצֶענֶע, גֶערְשְׁטִין מֶעל, הָאפְּפֶער מֶעל אוּנ אַרְקוּשׁ מֶעל (כוסמין). אָבֶּער פוּן אַרְבֶּעס, בָּאב, הִירְשׁ, רַייז, גְרִיקֶענֶע מֶעל, קַארְטָאפֶּעל מֶעל, בַּאדַארְף מֶען נִיט נֶעמֶען חַלָּה.

**ד** אֵייגֶענְטְלִיךְ אִיז מֶען מְחוּיָב צוּ נֶעמֶען חַלָּה בַּיין פַֿאר קְנֶעטִין, אָבֶּער אִין פַֿאל אַז מֶען הָאט בַּיין פַֿאר קְנֶעטִין נִיט גֶענוּמֶען, קֶען מֶען אוֹיךְ אָפּ שֵׁיידִין דִיא חַלָּה נָאךְ דֶעם בַּאקִין, נָאר דִיא גִיבֶּעק מוּז זַיין אָדֶער אִין

איין

אֵיין כֵּלִי אָדֶער בֶּעדֶעקְט מִיט אַטִישְׁטוּךְ, בְּרֶעכְט מֶען אָפּ דֶער פוּן אַשְׁטִיקִיל פוּן דִיא גִיבֶּעק אוּנ מֶען פַארְבְּרֶענְט דָאס אִין פַייֶער, אָדֶער מֶען וַוארְפְט דָאס אַרַיין אִין אַטַייךְ׃

ה דָאס אִיז נִיט קֵיין אוּנְטֶער שֵׁייד אוֹיב דִיא מֶעל אִיז מִיט צוּקֶער אָדֶער אֵייֶער, מִילְךְ, הָאנִיג, וִויא בַּאלְד עֶס אִיז דִיק פַארְקְנָאטִין מוּז מֶען גֶעמֶען חַלָּה׃

ו דֶער שִׁיעוּר פוּן חַלָּה גֶעמֶען, אִיז כִּמְעַט גְרוֹיס וִויא אַהִינֶערְשֶׁע אֵיי׃

ז מֶען טָאר דָאס וָואס מֶען גֶעמְט דִיא חַלָּה אַרָאפּ. נִיט גֶעבִּין אַקִינְד צוּם שְׁפִּילִין זִיךְ אָדֶער גִיבַּאקְטֶע צוּם עֶסִין׃ אַפִּילוּ אַ אֵינִי יְהוּדִי אָדֶער עוֹפוֹת טָאר מֶען דָאס אוֹיךְ נִיט גֶעבִּין, נָאר מֶען מוּז דַוְקָא פַאר בְּרֶענֶען אָדֶער אִין אַטַייךְ אַרַיין וַוארְפִין׃ פַאר וָואס דָאס אִיז אַזוֹי? זַיינֶען מִיר דֶערִיבֶּער בַּייא הַשִּׁי״ת קִינְדֶער אוּנ דִינֶער, מוּזִין מִיר עֶס פָאלְגִין אוּנ נִיט פְרֶעגִין קֵיין קַשְׁיוֹת׃

ח וֶוען נִיט וִוילִינְדִיג הָאט מֶען דִיא שְׁטִיקִיל אָפּ גִישֵׁיידֶעטֶע חַלָּה אַרַיין גֶעוָוארְפֶען אִין אַטָאפּ מִיט עֶסִין וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ גִיקָאכְט בַּיי׳ן אוֹיבִין מוּז מֶען פְרֶעגִין אַשַׁאֲלָה בַּיין רָב אוֹיף דִיא שְׁפַּייזֶע׃

ט וֶוען דִיא טֵייג אִיז שִׁיטֶער (אז דאס ווערט נים גיקנאטין), אִיז פָּטוּר פוּן חַלָּה׃ וֶוען עֶס אִיז הַארְט גִיקְנָאטִין אָבֶּער נִיט צוּם בַּאקִין, נוּר צוּם קָאכִין (וויא צב״ש אויף ראש השנה׳דיגע פארפיל) דַארְף מֶען גֶעמֶען חַלָּה אָן אַבְּרָכָה׃

י דִיא מְשָׁרֶתֶת (און אפשיטה אפרעמדע) טָאר נִיט גֶעמֶען אַלֵיין קֵיין חַלָּה (פון דיא טייג אָן עֶרְלוֹיבֶּענִעס בַּייא דִיא וִוירְטְהִין, סַיידִין אַז דִי טֵייג וֶוערְט מְקוּלְקָל אֵיידֶער דִיא וִוירְטְהִין וֶועט קוּמֶען, דַאן מֶעג דִיא מְשָׁרֶתֶת אַלֵיין גֶעמֶען חַלָּה מִיט אַבְּרָכָה׃

יא וֶוען מֶען פַארְגֶעסְט פְרַייטִיג צוּ גֶעמֶען חַלָּה, זָאל מֶען שַׁבָּת אִיבֶּער לָאזִין פוּן יֶעדֶער חַלָּה אֵיין אַקְרַייצִיג (גְרוֹיס וִויא 2 זֵתִים) אוּנ שַׁבָּת-צוּ-נַאכְט זָאל מֶען צוּ זַאמֶען לֵייגִין אַלֶע אַקְרַייצִיקֶעס אוּנ גֶעמֶען פוּן אֵיינֶעם חַלָּה אוּנ פַארְבְּרֶענֶען׃

יב פְרַייטִיג פַאר נַאכְט דַארְף יֶעדֶער מֶענְשׁ פְרֶעגִין בַּייא זַיין פְרוֹי, אוֹיבּ זִיא הָאט חַלָּה גִינוּמֶען? (וויא אין במה מדליקין שטייט)׃ מֶען מוּז זַיין זֵייעֶר פָארְזִיכְטִיג אִין דִיא מִצְוָה פוּן חַלָּה, וַוייל דֶער פַאר אִיז ר״ל מִיתָה בִּידֵי שָׁמַיִם. וֶוען אִיר זַייט גֶערִין צוּ וִויסֶען דֶעם גִידַאנְקֶען פוּן חַלָּה גֶעמֶען, לֶעזְט אִין „מַעֲשֶׂה אִלְפֶּס" (3-טע סייל זייטע 55 ובהערה שם), אוּנ אַז אִיהר וֶועט הִיטִין דִיא מִצְוָה וֶועט אַייךְ הַשִּׁי״ת מְזַכֶּה זַיין בִּבְנֵי חַיֵי וּמְזוֹנֵי, ד. ה. אִיהר וֶועט מִיט נָאטֶעס הִילְף הָאבִּין גוּטֶע קִינְדֶער, לַאנְג לֶעבִּין, אוּנ פַּרְנָסָה א״ס׃

ברוך

דיא ברכה איז

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַפְרִישׁ חַלָּה:

---

# ד.

יֶעצְט לִיבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, עֶס אִיז דָא נָאךְ אַמִצְוָה, וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין דָאס אַייךְ פַּארוּצַאיֶעט, וַוייל אִיהר זַייט דָאךְ דִיא עֲקֶרֶת הַבַּיִת אוּנ אִיהר זַייט דָאךְ צוּ הויז. דִיא מַאנְס לַייט זַייגֶען דָאךְ מֶעהְר בַּייא דֶער אַרְבֶּעט אָדֶער גִישֶׁעפְט, קֶען דָאךְ מֶעגְלִיךְ זַיין, אַז עֶר זָאל זִיךְ פַארְשְׁפֶּעטִיגִין אוּנ עֶס וֶועט דֶער וַוייל וֶוערִין שַׁבָּת, אוּנ אָן צִינְדִין אַלִיכְט אוּם שַׁבָּת טָאר מֶען דָאךְ נִיט, הָאט מֶען אַייךְ גִיהֵייסִין, אַז אִיהר זָאלְט אָן צִינְדִין דִיא לִיכְט אוּנ מַאכִין פַאר דֶעם אָנְצִינְדִין דִיא לִיכְט אַבְּרָכָה, דִיא בְּרָכָה אִיז אַזוֹי:

בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל שַׁבָּת. אוּנ יו״ט אִיז לְהַדְלִיק נֵר שֶׁל יו״ט. זַייט אִיהר פַאר פְלִיכְטֶעט צוּ וִויסִין, אַז נִיט גְרַאדֶע דֶער אָנְצִינְדִין דִיא לִיכְט אַלֵיין אִיז דִיא מִצְוָה, דִיא הוֹיפְּט זַאךְ אִיז דֶער מְקַבֵּל זַיין דֶעם שַׁבָּת אוּם נִיט צוּ אַרְבֶּעטִין, נִיט טְרָאגִין אוּם שַׁבָּת. מֵיינְט נִיט אַז מֶען בֶּענְשְׁט נִיט קֵיין לִיכְט אִיז נִיט שַׁבָּת, נֵיין! שַׁבָּת אִיז זָא וִויא זָא, נָאר אִיהר הָאט אַגְרוֹיסֶע מִצְוָה פַאר דֶעם קַבָּלַת שַׁבָּת אִין דֶער צַייט. דִיא צַייט אִיז אֵיידֶער עֶס גֵייט אוּנְטֶער דִיא זוּן, אָבֶּער אַז דִיא זוּן אִיז שׁוֹין אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען טָאר מֶען שׁוֹין נִיט אָנְצִינְדִין קַיין לִיכְט, וָוארוּם דָאס אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה. וָואס מֶען צִינְט אָן מֶערֶער לִיכְט לְכָבוֹד שַׁבָּת אִיז אַלְץ דִיא מִצְוָה גְרֶעסֶער, וִויא דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה דֶער צֵיילְט, אַז אַתַּנָּא אִיז גִיגַאנְגֶען אַמָאל פְרַייטִיג צוּ נַאכְט פַאר בַּייא אַהוֹיז הָאט עֶר גִיזֶעהְן אַז עֶס בְּרֶענֶען דָארְט פִיל לִיכְט, הָאט עֶר גִיזָאגְט אַז פוּן דֶער הויז וֶועט אַרוֹיס גְרוֹיסֶע לַייט, אִיז דָאס מְקוּיָם גִיוָוארִין. אַז אִיהר וֶועט מְקַיֵים זַיין דִיא דְרַייא מִצְוֹת, ד. ה. נִדָּה חַלָּה הַדְלָקָה, וֶועט אי״ה בַּייא אַייךְ זַיין כְּשֵׁרֶה קִינְדֶער, נִיט קֵיין בְּנֵי נִדָּה ח״ו, דִיא קִיךְ אַכְּשֵׁרֶה, אִיהר וֶועט הִיטִין שַׁבָּת, וֶועט אִיהר זוֹכֶה זַיין צוּ הָאבִּין קִינְדֶער אוֹיף לַאנְגֶע יָאהְר, וָואס זֵייא וֶועלִין לַייכְטִין אִין דֶער וֶועלְט אוּנ מִיר וֶועלִין דֶער לֶעבִּין בִּיאַת הַגּוֹאֵל בִּמְהֵרָה אָמֵן. — וֶוען אִיהר זַייט גֶערִין צוּ הֶערִין רַייכְזִינִיגֶע גֶעדַאנְקֶען אִין דֶעם עִנְיָן פוּן לִיכְט בֶּענְשִׁין, לֶעזְט אִין „מַעֲשֶׂה אַלְפַּס" (3-טייל זייטע 57), אוֹיךְ אִין „מַעֲשֶׂה אַלְפַּס וּפְרִי הַגָּפֶן" (ה״א פרק „דאמען - רעכט" זייטע 9) וֶועט אִיהר הָאבִּין גְרוֹיס פֶּערְגֶענִיגֶען.

---

# ה.

יֶעצְט טְהַייֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער, דִי מוּטֶערְס פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, אוּם זַייא זָאלִין ח״ו נִיט בְּלַייבִּין ־קֵיין יְתוֹמִים, אַז אִיהר זָאלְט נִיט נִכְשָׁל וֶוערִין אִין דֶעם אִיסוּר פוּן דַם, דָאס הֵייסְט בְּלוּט, שְׁרַייב אִיךְ פַּאר אַייךְ נָאךְ אַרֶעצֶעפְּט, ד. ה. דִיא פְּרַאוֶועלֶעס פוּן פְלֵייש זַאלְצִין אוּנ כַּשֶׁרִין. אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגִין וָואס אִין אוּנְזֶער תּוֹרָה אִיז גֶעשְׁרִיבִּין (ויקרא ז) כָּל אֹכֵל חֵלֶב וגו׳ כָּל דָם וְנִכְרְתָה הַנֶפֶשׁ הַהִיא, ד. ה. דֶער וָואס וֶועט עֶסִין חֵלֶב אָדֶער בְּלוּט וֶועט פַאר שְׁנִיטִין וֶוערִין דִיא זֶעלֶע. ווִידֶער שְׁטֵייט רַק חֲזַק לְבִלְתִּי אֱכֹל הַדָּם (דברים יב) דָאס הֵייסְט דוּא זָאלְסְט זִיךְ שְׁטַארְקִין אַז דוּא זָאלְסְט נִיט עֶסִין קֵיין בְּלוּט. הַיינְט ווִיא זָאל מֶען זִיךְ שְׁטַארְקִין, עֶרְקְלֶערִין אוּנְז דִיא חֲכָמִים ז״ל מֶען בַּאדַארְף גִיפִינֶען אַמִיטִיל ווִיא אַרוֹים צוּ צִיהֶען דִיא בְּלוּט פוּן דִיא פְלֵייש, הָאבֶּען זַייא־אוּנְז אַזוֹי גִיהֵייסִין אוּנ מִיר בַּאדַארְפִין זַייא פָאלְגִין:

**א** ווִיא מֶען נֶעמְט דִיא פְלֵייש צוּם קָאכִין אִיז צוּם עֶרְשְׁטִין דַארְף מֶען אַרַיין לֵייגִין אִין אַכֵּלִי אוּנ אָן גִיסִין מִיט וַאסֶער, אַז דִיא וַאסֶער זָאל אַרִיבֶּער דִיא פְלֵייש זַיין, אוּנ עֶס זָאל לִיגִין אִין דִיא וַאסֶער אוּנְגִיפֶער אַהַאלְבּ שָׁעָה, דֶער נָאךְ זָאל מֶען נֶעמֶען־דִיא פְלֵייש אַרוֹיף לֵייגִין אוֹיף אַקְאשִׁיק אָדֶער אַקָארְזִינְקֶע. וֶועלְכֶע עֶס אִיז מִיט לֶעבֶּער אָדֶער אַפִּילוּ אוֹיף אַבְּרֶעט נָאר זִיא מוּז לִיגִין קְרוּם, אוּם דִיא וַאסֶער זָאל אַרָאפּ רִינֶען. אוּנ וֶוען דִיא וַאסֶער אִיז שׁוֹין אָפּ גִירוּנֶען, נָאר דִיא פְלֵייש אִיז נָאךְ פַייכְט, זָאל מֶען זַאלְצִין דִיא פְלֵייש מִיט אַזוֹי פִיל זַאלְץ אַז צבּ״ש וֶוען מֶען זָאל דָאס קָאכִין זָאל מֶען נִיט קֶענֶען עֶסִין פוּן שַׁארְפְקֵייט אוּנ דִיא זַאלְץ זָאל זַיין אַרוּם אוּנ אַרוּם אוּנ עֶס זָאל לִיגִין אִין זַאלְץ אוּנְגִיפֶער אַשָׁעָה. נָאר אִין־פַאל וֶוען עֶס אִיז דָא גֶעסְט אָדֶער עֶרֶב שַׁבָּת וי״ט, קֶען מֶען עֶטְוָואס וֶוענִיגֶער ווִיא אַשָׁעָה.

**ב** דֶער נָאךְ זָאל מֶען דִיא פְלֵייש גוּט אָבְּטְרֵייסְלֶען פוּן דִיא זַאלְץ אוּנ אָפּ גִיסִין מִיט דְרַייא וַאסֶערִין, אָדֶער מֶען קֶען אַרַיין לֵייגִין דִיא פְלֵייש אִין אַכֵּלִי מִיט וַאסֶער אוּנ דְרַייא מָאל דִיא וַאסֶער אִיבֶּער בַּייטִין אִיז אוֹיךְ גוּט.

**ג** דִיא זַאלְץ וֶועלְכֶע מֶען בֶּעדַארְף זַאלְצִין דִיא פְלֵייש דַארְף זַיין, נִיט דִינְן ווַייל עֶס צוּ גֵייט גְלַייךְ, צִיט נִיט אָפּ דִיא בְּלוּט. אוֹיךְ נִיט גְרָאבּ ווַייל עֶס שִׁיט זִיךְ אַרָאפּ, וָוארוּם דִי כֵּלִי, וֶועלְכֶע מֶען זַאלְצְט אוֹיף אִיר, אִיז דָאךְ קְרוּם אוּנ גְרוֹיסֶע שְׁטִיקֶער קַייקִילְט זִיךְ אַרָאפּ.

**ד** עוֹפוֹת בֶּעדַארְף מֶען אוֹיךְ אַזוֹי זַאלְצִין אוּנ כַּשֶׁרִין, נָאר מֶען מוּז פוּן אִינְוֵוייגִיג אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען אוֹיךְ זַאלְצִין ווִיא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען פְרִיֶער.

אין

ה אִין פַאל וֶוען מֶען הָאט פַארגֶעסִין צוּ ווייקִין דִיא פְלֵייש אוּנ מֶען הָאט עֶס גִיזַאלְצֶען פַאר דֶעם ווייקִין, קֶען זַיין אַז נָאךְ דֶעם זַאלְצִין הֶעלְפְט נִיט וָואס מֶען וֶועט ווייקִין דֶער נָאךְ, אִיז גְלַייבֶער אַז מֶען זָאל פְרֶעגִין בַּיי'ן רָב אָדֶער בַּייא אַתַּלְמִיד חָכָם וִויא מֶען זָאל טָאהן ׃

ו אִין פַאל וֶוען מֶען הָאט דִיא פְלֵייש גִיווייקְט אוּנ גִיזַאלְצִין אוּנ מֶען הָאט פֶערגֶעסִין אָפּ צוּ כַּשֶׁרִין ד׳ ה׳ אָפּ גִיסִין מִיט דְרַייא וַואסֶערִין אוּנ מֶען הָאט אַזוֹי גִיקָאכְט אִיז שׁוֹין אַשַׁאֲלֶה בַּיי'ן רָב אוֹיף דִיא פְלֵייש אוּנ אוֹיף דֶער כֵּלִי אִין וֶועלְכֶע עֶס הָאט זִיךְ גִיקָאכְט ׃

ז וֶוען עֶס הָאט זִיךְ פַאר מִישְׁט אַשְׁטִיקִיל פְלֵייש נִיט קֵיין גִיזַאלְצֶענֶע מִיט כָּשֶׁרֶה פְלֵייש אוּנ מֶען הָאט אוּנגֶערִין גִיקָאכְט צוּ זַאמֶען, אִיז דֶער בַּייא אוֹיךְ דָא וָואס צוּ פְרֶעגִין, נָאר וֶוען מֶען פְרֶעגְט בֶּעדַארְף מֶען ווִיסִין ווִיא גְרוֹיס אִיז דִיא שְׁטִיקִיל פְלֵייש דִיא נִיט קֵיין גִיזַאלְצֶענֶע, אוּנ ווִיא פִיל עֶס אִיז דִיא כָּשֶׁרֶה ׃ אוּנ וֶוען עֶס וֶועט זַיין דִיא כָּשֶׁרֶה זֶעכְצִיג מָאל אַזוֹי פִיל, וֶועט זַיין גִיווִיס כָּשֵׁר, אָבֶּער וֶוען ווֵיינִיגֶער וֶועט שׁוֹין דֶער רָב זָאגִין ווִיא מֶען זָאל טָאהן ׃

ח וֶוען מֶען הָאט גִיהַאלְטִין פְלֵייש נָאךְ דֶער שְׁחִיטָה דְרַייא מֵעֵת לְעֵת, דָאס הֵייסְט צְווֵיי אוּנ זִיבֶּעצִיג שָׁעָה נִיט גִיווייקְט, צוּ דִי פְלֵייש הֶעלְפְט שׁוֹין נִיט קֵיין ווייקִין אוּנ זַאלְצִין, נָאר מֶען קֶען עֶס בְּרָאטִין אוֹיפִין פַייֶער נִיט אִין אַכֵּלִי נָאר אוֹיף אַשְׁפִּיז אוּנ דֶער נָאךְ, טָאר מֶען דִיא פְלֵייש נִיט קָאכִין ׃

ט עֶס אִיז רֶעכְט יֶעדֶער כָּשֶׁרֶה אִידִישֶׁע טָאכְטֶער וֶוען זִיא נֶעמְט פְלֵייש בַּיי'ן קַצָּב זָאל זִיא בַּייא אִיהם פְרֶעגִין וֶוען מֶען הָאט דִיא בְּהֵמָה גִיקַיילֶעט, אוּם זִיא זָאל ווִיסִין, אַז עֶס זָאל בַּייא אִיהר צוּ הוֹיז נִיט אַרִיבֶּער דִיא דְרַייא מֵעֵת לְעֵת׃ אוּנ וֶוען עֶס קוּמְט מַאנְכֶע מָאל פָאר, אַז עֶס אִיז נִיטָא קֵיין צַייט צוּ קָאכִין אָדֶער עֶס קוּמְט אוּיס עֶרֶב שַׁבָּת אוּנ דִיא פְלֵייש דַארְף בְּלַייבֶּען אוֹיף נָאךְ שַׁבָּת, זָאל זִיא אַלֵיין אָפּ גִיסִין דִיא פְלֵייש, דַאן קֶען דָאס לִיגִין נִיט גִיזַאלְצִין נָאךְ דְרַייא מֵעֵת לְעֵת ׃

י דִיא כֵּלִי וֶועלְכֶע אִין אִיהר ווייקְט מֶען דִיא פְלֵייש, טָאר מֶען נִיט נִיצִין צוּ קֵיין אַנְדֶער זַאךְ, דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּט פְרַאווֶעלֶעס אוּנ וֶוען עֶס וֶועט פָאר קוּמֶען אַסָפֵק זָאל מֶען דָאס נִיט הַאלְטִין פַאר גְרִינְג, ווָארוּם מִיט כָּרֵת ר״ל שְׁפִּילְט מֶען זִיךְ נִיט, אוּנ מֶען מוּז גַאנְץ פָארְזִיכְטִיג זַיין אוּנ קֵיין קַשְׁיוֹת טָאר מֶען נִיט פְרֶעגִין. אַזוֹי הָאט אוּנְז השי״ת גִיהֵייסִין אוּנ מִיר זַיינֶען זַיינֶע קִינְדֶער אוּנ קֶנֶעכְט מוּזֶען מִיר אִיהם פָאלְגִין, קֶען דֶען פְרֶעגִין

אקנעכט

אַקְנֶעבְט פַאר וָואס דֶער הֶערר וִויל אַזוֹי ? עֶר דַארְף נָאר גִיהָארְכֶען זַיין אוּנ וַויטֶער גָאר נִיט , אַזוֹי זַייגֶען מִיר אוֹיךְ פַארְפְּלִיכְטֶעט צוּ טָאהן דֶעם בֶּעפֶעל פוּן אוּנְזֶער הֶערר אוּנ פָאטֶער אָהְנֶע פְרַאגִין •

---

א אַלֶע וַייסִין אַז פְלֵייש כָּשֵׁרָה מֶעג מֶען עֶסִין , אוּנ מִילְךְ מֶעג מֶען אוֹיךְ עֶסִין , דָאךְ הָאט אוּנְז אוּנְזֶער תּוֹרָה אָן גִיזָאגְט , אַז פְלֵייש מִיט מִילְךְ וֶוען עֶס קָאכְט זִיךְ צוּ זַאמֶען , אִיז דָאס נָאךְ פִיל עֶרְגֶער וִויא מֶען זָאל עֶסִין חֲזִיר ר"ל אָדֶער טְרֵיפָה • יֶענֶע מֶעג מֶען אַוֶועק גֶעבִין צוּ אַ אֵינוֹ יְהוּדִי אָדֶער צוּ אַבְּהֵמָה , אָבֶּער פְלֵייש מִיט מִילְךְ . טָאר מֶען אֲפִילוּ אַ אֵינוֹ יְהוּדִי , וֶועלְכֶר עֶס וֶועט דֶער פַאר בֶּעצַאנְקֶען אוֹיךְ נִיט גֶעבִין , אָדֶער אַהוּיז טְהִיר אַ אֵייגֶענֶעם טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט גֶעבִין , אִיז דָאךְ אַבֶּעוַוייז אַז דֶער אִיסוּר דֶער פוּן אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס , דֶערִיבֶּער וֶועל אִיךְ אַייךְ שְׁטֶעלִין אֵייגִיגֶע דִינִים דֶער פוּן אוֹיךְ •

ב דְרַיי מָאל שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה דֶער אִיסוּר פוּן בָּשָׂר בְּחָלָב (שמות כג יט . לד כו . דברים יד כא) וַוייזְט דָאס : 1) אוֹיף אִיסוּר אֲכִילָה , אַז מֶען טָאר נִיט עֶסִין .— 2) אוֹיף אִיסוּר הֲנָאָה , וֶוען אֲפִילוּ עֶס הָאט זִיךְ אַלֵיין פַאר מִישְׁט פְלֵייש מִיט מִילְךְ טָאר מֶען קַיין הֲנָאֶה הָאבִּין פוּן דֶעם , הַיְינוּ אַוֶועק גֶעבִּין אַיין אֵינוֹ יְהוּדִי , אָדֶער אַ הוּיז בַּעַל חַי • אוּנ 3) וַוייזְט אוֹיף אִיסוּר בִּישׁוּל , ד• ה• אֲפִילוּ נִיט צוּ עֶסִין אוּנ נִיט קַיין הֲנָאֶה • אִיז דֶער קָאכִין אַלֵיין אַיין אִיסוּר • דָאס אִיז נוּר בַּיי פְלֵייש פוּן אַבְּהֵמָה , אָבֶּער פְלֵייש פוּן אַיין עוֹף מִיט מִילְךְ אִיז נוּר אָסוּר צוּ עֶסִין , אָבֶּער בְּהֲנָאֶה , ד• ה• אַוֶועק גֶעבִּין אַיין אֵינוֹ יְהוּדִי אָדֶער אַיין הוּיז בַּעַל חַי מֶעג מֶען •

ג אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים ז"ל הָאבִּין דָאךְ גִיזֶעהְן אַז דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה הָאט פַארְבָּאטִין צוּ עֶסִין פְלֵייש מִיט מִילְךְ צוּזַאמֶען , הָאבִּין זֵייא אוּנְז גִיגֶעבִּין אַלְס עֵצָה טוֹבָה , אַז מֶען זָאל אוֹיף אֵיין טִישׁ נִיט לֵייגִין קַיין פְלֵייש מִיט מִילְךְ צוּ זַאמֶען , וַוייל מֶען אִיז דָאךְ גִיוואוֹינְט צוּ עֶסִין בֵּיידֶע , וָוארוּם יֶעדֶע בֶּעזוּנְדֶער אִיז דָאךְ כָּשֵׁר , קֶען מֶען דָאךְ קוּמֶען עֶסִין צוּא זַאמֶען •

ד מִילְךְ אָדֶער פוּטֶער קֶען מֶען עֶסִין פַאר דִיא פְלֵייש , נָאר מֶען מוּז דֶעם מוֹיל רַיין מַאכִין , ד• ה• אוֹיס שְׁווֵיינְקִין מִיט וַואסֶער אוּנ דֶער נָאךְ עֶטְוָואס עֶסִין : בְּרוֹיט א• ד• ג• קֶען מֶען נָאךְ דֶעם עֶסִין פְלֵייש , אָבֶּער נָאךְ גַאנְץ הַארְטֶע קֶעז , וֶוער רֶעט שׁוֹין וֶועגִין פְרִיעֶר עֶסִין פְלֵייש דֶער נָאךְ מִילְךְ מוּז מֶען אָפּ וַוארְטִין זֶעקְס שְׁטוּנְדִין , דֶער נָאךְ קֶען מֶען עֶסִין וָואס מֶען וִויל •

ה וֶוען עֶס מַאכְט זִיךְ , אַז נִיט וִוילֶענְדִיג הָאט זִיךְ פַארְמִישְׁט מִילְךְ אִין פְלֵייש אָדֶער פְלֵייש אִין מִילְךְ בֶּעדַארְף מֶען וִויסִין אוּנְגִיפֶער וִויא גְרוֹיס עֶס

איז

אִיז גִיוֶועֶן אֵיינֶע אִין דִיא אַנְדֶערֶע . אוֹיבּ עֶס אִיז גִיוֶועֶן הֵייסֶע אָדֶער קַאלְטֶע . טְרוּקִינֶע אָדֶער נַאסֶע אוּנ גֵיין צוּם רָב אוּנ פְרֶעגִין אָדֶער בַּיי אַתַּלְמִיד חָכָם וואוּ קֵיין רָב אִיז דָא . וְכָל הַשּׁוֹמֵעַ תָּבֹא עָלָיו בִּרְכַּת טוֹב .

יֶעצְט טְהַייעֶרֶע פְרוֹיעֶן נֶעם אִיךְ פוּן אַייךְ אָפ שֵׁייד, אַז אִיהְר וֶועט פַארְלַאנְגֶען ווֶעלִין מִיר זִיךְ אי"ה נָאךְ אַמָאל זֶעהְן . אִיךְ בִּין גַאנְץ זִיכֶער אַז דִיא מֶעדִיצִין, וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁרִיבִּין אוּנ דִיא דִיעֶטֶע צוּא הִיטִין וֶועט אַייךְ גִיוִוים הֶעלְפִין נָאר מֶען מוּז רִיכְטִיג אוֹיף פַּאסִין, אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ אוּם פֶערְצַייהוּנְג פִילַייכְט הָאבּ אִיךְ אַייךְ צוּ פִיל פַארְשׁוּלְדִיגְט, אוּנ בֶּאֱמֶת זַיינֶען נָאר אַייעֶרֶע מַאנֶען אָדֶער עֶלְטֶערִין שׁוּלְדִיג דֶערִיבֶּער זַייט גִיזוּנְד אוּנ לֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ מִיט אַייעֶרֶע מַאנֶען אוּנ קִינְדֶערְלַאךְ אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ אַבִּיסִיל אִיבֶּער רֵיידִין מִיט מַיינֶע טְבַייעֶ בְּרִידֶער . אוּנ אַז אִיהְר וֶועט ווֶעלִין קֶענְט אִיהר אוֹיךְ הֶערִין . ווַייל קֵיין סוֹדוֹת רֵייד אִיךְ נִיט אוּנ ח"ו קֵיין בֵּייז לֶעבִּין וֶועל אִיךְ אַייךְ נִיט מַאכִין . צוּם ווִידֶער זֶעהֶען זִיךְ .

## ז). צוּ דִיא ווָאס נֶאנֶען זִיךְ דִיא גֶעבִּילְדֶעטֶע קְלַאסֶע .

לִיבֶּע טַייעֶרֶע בְּרִידֶער, נֶעמְט נִיט פַאר אוּנְגוּט, ווָאס אִיךְ הָאבּ צוּם עֶרְשְׁטִין גִירֶעט מִיט דִיא דַאמֶען דֶער נָאךְ צוּ אַייךְ, אִיהר זַיינְט דָאךְ פוּן דֶער נַייעֶ וֶועלְט, מוּז מֶען דָאךְ הָאבִּין אַבִּיסִיל דֶרֶךְ אֶרֶץ נָאךְ דֶער מָאדֶע דַאמֶען רֶעכְט, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט הָאבּ אִיךְ דָאךְ מִיט זֵייא נִיט פִיל גִירֶעט, ווִיא דֶער תַּנָא זָאגְט אִין פֶּרֶק וְאַל תַּרְבֶּה שִׂיחָה עִם הָאִשָּׁה ! הָגַם דִיא וֶועלְט זָאגְט אַז ווַייבֶּער הָאבִּין צֶעהֶען מָאס רֵייד . הָאבּ אִיךְ דָאךְ בַּאדַארְפְט אַייגֶענְטְלִיךְ מִיט זֵייא מֶערֶער רֵיידִין . נָאר אִיךְ גְלוֹיבּ אַז זֵייא ווֶעלִין אוֹיף מִיר קֵיין פַאר אִיבִּיל הָאבִּין, ווַייל זֵייא קֶענֶען הָארְכִין ווָאס מִיר ווֶעלִין רֵיידִין, דָאס אִיז דָאךְ נִיט קֵיין סוֹדוֹת . נָאר עֶס וֶוענְט זִיךְ אָן זֵייא אוֹיבּ זֵייא וֶועלִין נָאר ווֶעלִין . אִיהְר זָאלְט נִיט מֵיינֶען אַז אִיךְ ווִיל אַייךְ בֶּעלֵיידִיגֶען ח"ו נֵיין, נָאר ווִיא אִיהר זַייט דִיא גֶעבִּילְדֶעטֶע אוּנ אִיהר הַאלְט זִיךְ פִיר חֲכָמִים וֶועל אִיךְ בַּייא אַייךְ פְרֶעגִין אֵיינִיגֶע ווַאפְרָאסִין אוּנ בֶּעט אַז אִיהר זָאלְט מִיר עֶנְטְפֶערִין, אוּנ אִין פַאל אַז אִיהר וֶועט נִיט עֶנְטְפֶערִין אוּנ נִיט קְרִיטִיקִירִין וֶועל אִיךְ זֶעהְן אַז אִיךְ בִּין גִירֶעכְט, ווַייל שְׁתִיקָה כְּהוֹדָאָה ! „מַאלְשְׁצַאנִי זְגַאק סָאגְלַאסִי" . אִיךְ הָאבּ אִין מַיין פָארְרֶעדֶע גִיזָאגְט אַז אִיךְ בִּין נִיט מֶעהרֶער ווִיא אַוֶועכְטֶער אָדֶער אַוֶועקֶער . ווֶער עֶס ווִיל זָאל פָאלְגִין אוּנ ווֶער נִיט ווִיא עֶר ווִיל זִיךְ ! דֶער ווָאס שְׁלָאפְט זָאל אוֹיף שְׁטֵיין, דֶער ווָאס אִיז אוֹיף זָאל זִיךְ

ראטעווען

רַאטֶעוֶועֶן! אונ צוּם וֶועקֶער טָאר מֶען נִיט הָאבִּין, אַזוֹי אִיז מִיט מִיר אוֹיךְ.

אוּנְזֶער תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה זָאגְט הוֹכֵחַ תּוֹכִיחַ אֶת עֲמִיתֶךָ, דוּ זָאלְסְט זִיךְ מִיט דַיין פְרַיינְד אוֹיס רֵיידִין, וַוייל אִיךְ מִיר מִיט אַייךְ דוּרךְ רֵיידִין. זָאגְט מִיר לִיבֶּע בְּרִידֶער פַאר וָואס לַיידִין מִיר מֶערֶער וִויא אַלֶע נַאצְיָאנֶען? דַאכְט זִיךְ מִיר זַיינֶען נִיט קֵיין שִׁיכּוֹרִים, נִיט קֵיין מֶערְדֶער. דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל וָואס מֶען זָאגְט אוֹיף אוּנְז אִיז דָאךְ לִיגִין, אוּנ לְסוֹף וֶוערִין מִיר אַזוֹ פַאר שְׁוַוארְצְט אוּמֶעטוּם! אִיז דָאךְ אַגְרוֹיסֶער ווֶאוּנְדֶער. אָבֶּער בֶּאֱמֶת אִיז נִיט אַזוֹ, צדיק ד׳ בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו, השי״ת אִיז גִירֶעכְט אוּנ אַלֶע זַיינֶע וֶוערְקֶע זַיינֶען מִיט פִיל חֶסֶד, מִיר זַיינֶען נָאךְ פִּילַייכְט מֶעהְרֶער וֶוערְט; עֶס אִיז אֲפִילוּ אַגְרוֹיסֶע הָעֲוָה פוּן אַפְּרָאסְטִין מֶענְטְשִׁין צוּ רֵיידִין אַזֶעלְכֶע רֵייד פַאר גֶעבִּילְדִיטֶע מֶענֶער, נָאר אהבה מקלקלת השורה! דָאס הֵייסְט דִיא לִיבֶּע פַאר לִירְט אִיהר עֶטִיקֶעטֶע. אַזוֹ וִויא אִיךְ לִיעב מַיין פָאלְק מוּז אִיךְ נָאךְ מַיינֶעם מֵיינוּנְג אוֹיס זָאגִין זַיינֶע פֶעהְלֶערִין וִויא דוד המלך ע״ה הָאט גִיזָאגְט אִין תְּהִלִּים (ט״ו) וחרפה לא נשא על קרובו, וֶוען אַ מֶענְשׁ פַאר דֶעקְט נִיט דִיא פֶעלֶערִין פוּן זַיין פְרַיינְד ד. ה. עֶר מַאכְט אִים פָארְווִירְפֶע אוֹיף זַייא א. ז. וו. לא ימוט לעולם.

לִיבֶּע בְּרִידֶער אִיהר וֶועט אֶפְשֶׁר זָאגִין, אַז דָאס אִיז דִיא אוּרְזַאכֶע וַוייל מִיר הָאבִּין מְקַבֵּל גִיוֶועֶן דִיא תּוֹרָה אוֹיף דֶעם בַּארג סִינַי! זֶעהֶען מִיר אַז אַלֶע נַאצְיָאנֶען גִיבִּין כָּבוֹד אוּנְזֶער תּוֹרָה, נָאר זֵייא הָאבִּין נָאךְ דֶער צוּ אַ נַייעֶם טֶעסְטַאמֶענְט אָבֶּער מִיר מוּזֶען בְּלַייבִּין בַּיין אַלְטִין. קֶענְט אִיהר דָאךְ זָאגִין וַוייל מִיר הָאבִּין נִיט דֶעם נַייעֶם, אִיז דָאךְ וַוייטֶער אַפְרַאגֶע, עֶס אִיז דָא מִילְיָאנֶען מַאגִימֶעטַאנֶער, אוּנ זֵייא אִיז בֶּעסֶער וִויא אוּנְז אִידִין, קֶען דָאס נִיט זַיין דִיא פְּרִיצִינֶע. וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגִין דִיא רִיכְטִיגֶע פְּרִיצִינֶע נָאךְ מַיין מֵיינוּנְג. מַאכִי דֶער פַאר וָואס מִיר הָאבִּין דִיא תּוֹרָה אוּנְזֶערֶע אַוֶועק גִיוָוארְפִין *). בעו״ה מִיר הַאלְטִין נִיט תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב נִיט תּוֹרָה שבע״פ (עי׳ „מעשה אלפס״ ח״א פרק „דיא האלבע פּאס ווין״ צד 68), אוּנ וֶוען אִיר וֶועט בָּעוַויינִין אַנְדֶערְשׁ, זָאגְט אוּנ שְׁרַייבְּט אוּנ בְּלַייבְּט גִירֶעכְט, דֶער נָבִיא זָאגְט (יחזקאל ס״ז) ולא

---

*) „למה יאמרו הגוים״ די אומות העולם וואונדערין זיך, וואו איז אידישע גאָטליכקייט? זייא האָבין אַזאַ הייליגע תורה וואָס אַלע חכמי האומות גיבין אִיהר כבוד און גראַדע דער איד איז איר מבזה? „עצביהם״ אידישע נערווין (מלשון עורקים ועצבים) „כסף וזהב״ איז פול מיט „געלט-גייץ, זיין גאנצער גידאנקען איז אַריין גילייגט אָבער געלט און ווידער געלט. פאַר אַרובל איז ער גרייט צוא פאַרקויפין זיין שבת, זיין אֱמונה מיט זיין גאַנצע אידישקייט (צחות זה שמעתי מהרב דבחטום, ר׳ קרעצמער שליט״א).

וְלֹא בִּדְרָכֵיהֶן הָלַכְתְּ וּבְתוֹעֲבוֹתֵיהֶן עָשִׂית כִּמְעַט קָט וַתַּשְׁחִיתִי מֵהֶן בְּכָל דְּרָכָיִךְ"! ד. ה. איהר ווילט זיך פֿאר גְלַייכִין צו אַלֶע נאַציאָנען! דַארְפְט איהר דָאךְ אוים קְלַייבִּין דיא גוטֶע מִדּות, וויא עֶס טְהוּעֶן דיא גוטֶע פְרוּמֶע מֶענְשִׁין פון זֵייא, לְסוֹף טוּהְט איהר נור וויא די נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶע פון זֵייא! אִיךְ וֶועל אַייךְ דיא זַאךְ אַבִּיסֶעל ריכְטִיגֶער עֶרְקְלֶערִין, צב״ש איהר זֶעהְט אַז דער קְרִיסְט בֶּעט גָאט יֶעדִין פְרִיא מָארְגִין, אָבִינְט, פַאר דֶעם עֶסִין, נָאךְ דֶעם עֶסִין, פַאר דֶעם שְׁלָאף, נָאךְ דֶעם שְׁלָאף, הָאט איהר דָאךְ דָאס גֶעדַארְפְט דַאכְט זיךְ אָפּ לֶערְנֶען, אונ ניט אַוֶועק וַוארְפִין דַאוְונֶען, גַיין דָאס ניט. איהר זֶעהְט אַז עֶס איז בַּיי'ן קְרִיסְט פָּאסְט שֶׁעמְט עֶר זיךְ גָאר ניט פַאר קֵיינֶעם אונ עֶסְט ניט אֲפִילוּ בַּיין גְרֶעסְטִין מֶענְשִׁין, הָאט איהר זיךְ אויךְ ניט גֶעדַארְפְט שֶׁעמֶען אונ ניט עֶסֶען אָן אַבְּרָכָה, אָן גִיוַואשִׁין, קֵיין טְרֵיפָה. דָאס ניט, וָואס דֶען? לֶערִינְט איהר זיךְ אָפּ די נִידֶערִיגֶע זַאכֶען. עֶר לֶעבְּט, וֶוער? דֶער הולְטַאיי ניט קֵיין אָרֶענְטְלִיכִין לֶעבֶּען מִיט זַיין פַאמִילְיֶע. אָדֶער עֶר, אַלֶעס וֶוער? דֶער הולְטַאיי. אַחַאלִיסְטָאי זִינְדִיגְט, מַאכְט אומְגְלִיקְלִיךְ פִיל אוּנְשולְדִיגֶע פְרויֶענְצִימֶער, דָאס טוּהְט איהר נָאךְ! עֶנְטְשולְדִיגְט מִיר, לֹא דַי וָואס איהר הִיט ניט תַלְמוּד בַּבְלִי וירושַלְמִי אונ מִיר לַיידִין פַאר אונזֶער אִידִישְׁקַייט שׁוֹין בַּאלְד 2000 יָאהְר, הַאלְט איהר דָאךְ ניט אֲפִילוּ קֵיין עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת, איהר הִיט ניט דיא תּוֹרָה, ניט דֶּרֶךְ אֶרֶץ, אָט דֶער פַאר שְׁטְרָאפְט מֶען אונז! אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶער קְלֶערִין דיא זַאךְ גַאנְץ ריכְטִיג! אַי וָואס איהר וֶועט פְרֶעגִין וָואס הַארְט דָאס דִיר גְרָאבֶּער יוּנְג? וֶועל אִיךְ אַייךְ אויף דֶעם עֶנְטְפֶערִין: ישראל ערבים זה בזה אונ אִיךְ וֶועל דָאס אַייךְ עֶרְקְלֶערִין, נָאר איהר זָאלְט אַבִּיסִיל זיךְ ניט עֶרְגֶערִין אונ הָאבִּין גֶעדוּלְד אונ דורךְ לֶעזִין אונ אֲפִילוּ קְרִיטִיקִירִין מַאכְט דָאס מִיר אויךְ ניט אוֹיס, אִיךְ וֶועל גְרַאדֶע צו פְרִידִין זַיין! אִיךְ זָאג אַייךְ פָארְאוֹיס נָאךְ אַמָאל, אַז וֶוענִין מִצְוֹת עֲשֵׂה וְלֹא תַעֲשֶׂה וֶוענִין דֶעם וֶועל אִיךְ ניט רֵיידִין, אָבֶּער דיא זַאכִין וֶועלְכֶע עֶס איז נוֹגֵעַ צו נְפָשׁוֹת, צו דֶרֶךְ אֶרֶץ וֶועל אִיךְ מִיר ניט שֶׁעמֶען, ווייל דָאס איז מִיר אויךְ שַׁייךְ — צב״ש פַאר וָואס איהר גָאלְט דיא בֶּערְד, וָואס דָאס איז 5 לַאוִוין אִין דֶער תּוֹרָה, אָדֶער איהר בֶּענְטְשְׁט ניט קֵיין אֶתְרוֹג, אָדֶער סוּכָּה, וָואס דָאס איז אַמִצְוַת עֲשֵׂה אִין דֶער תּוֹרָה, אויף אַזֶעלְכֶע לַאוִין אונ עֲשֵׂה, איז צוּם דֶרֶךְ אֶרֶץ צוּם כְּלַל יִשְׂרָאֵל ניט נוֹגֵעַ, הֲגַם יֶעדֶער יְהוּדִי מוּז טָאהְן וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה, נָאר אויף אַזֶעלְכֶע זַאכִין כשם שמצוה לוֹמַר דבר הנשמע, כך מצוה שלא לומר דבר שלא נשמע! אָבֶּער דיא מֶערֶערֶע

זאכין פון דר תורה בעשטייען אויף דרך ארץ, דער בעדייטונג פון דרך ארץ איז גוטע מדות! דאס הייסט מען זאל ניט פאר געסין אן דעם, וואס מען האט פון איהם א טובה גיהאט, מען טאר קיין בעשעפעניש ניט שלעכטס טאהן, דאס הייסט צעב"ח, אונ ווער רעט שוין ארום אמענשין. מען טאר קיינעם ניט נארין, מען מוז זיין ערליך דאס איז דער הויפט פון דרך ארץ, מען מוז זיין אויסער דעם דאנקבאר, גיהארכזאם זיין די עלטערין, דעם לאנד וואו מען וואוינט א. ז. וו. אונ אלע גישיכטין וואס עס שטייט אין דער תורה הקדושה זיינען אלע היילינע גישיכטין. אונ אין אלע גישיכטין, ליגט אלעס לעהרע. אזוי גלויבין אלע אידין פון אנפאנג אן, אונ דעריבער ווען עס איז אין אספר תורה אפעלער. ד. ה. אז עס פעלט אפילו איין אות, איז דיא ספר תורה שוין פסול אונ מען טאהר אויף איהר קיין ברכה מאכין, עס איז ניט קיין אונטער שייד צו דער אות פעלט אין עשרת הדברות אדער אין (פסוק פון) ותמנע היתה פלגש.

איך האב זיך צופיל פאר רעט כי חם לבי בקרבי, מיין הארץ איז מיר צו קאכט וואס עס טוהט זיך יעצט מיט אונז, בעט איך אום פערצייהונג אונ איך וועל זיך קערין צום ערשטין גישפרעך! איך זאג אויך אייך ברידער אז בעו"ה דאס פעלט. וועל איך אייך בעווייזין, צב"ש, דער ערשטער גיבאט איז אנכי ד' אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים! דעריבער האט אונז גיהייסין דיא תורה אן טאהן פיר ציצית אין אלע פיר זייטין פון קערפער אום מיר זאלין גידיינקען אז השי"ת איז איבעראל (אריכען גידאנקען וואס ציצית בעווייזט, קוק איין אין „מעשה אלפס' 5-טע טייל צד 90). תפילין אויפין קאפ, אויפין לינקין האנט, ווייל דאס איז גענין הארצין, מיר זאלין האבין גאט ב"ה אין הארצין אונ גלויבין אז ער ווייס אונ זעהט וואס מיר האבען אין הארצין. הייגט ברידער וואו איז אייערע ציצית? ווען לייגט איהר תפילין? אין דער תורה הקדושה אין דיא עשרת הדברות שטייט מען זאל היטין שבת, אונ גידיינקען שבת צו היילינין! דאס הייסט דער טאג איז היילינ, מען מוז אליין רוהען אונ אויך לאזין אפילו דיא קנעכט אונ דיא בהמות רוהען. אונ אין דעם טאג ניט ארבעטין, ניט אן צינדין קיין פייער אונ זא ווייטער. ליבע ברידער זאגט באמת היט איהר דען שבת? גראדע פרייטינ צו נאכט, ווען עס בעדארף זיין היילינ רוהערט מען, מען צינט אלע מינוט פייער צום רויכערין אונ מען שפילט אין קארטין אדער אין טעאטער. ניט מקבל שבת, ניט קיין קדוש והבדלה, זאגט ברידער איז דאס אליגין?

איך האב שוין גיזאגט פאראוס. אז ח"ו איך זאג ניט אויף אלע!

לאמיר

לאמיר גיין ווייטער, אין דיא עשרת הדברות שטייט כבד את אביך ואת
אמך למען יאריכון ימיך, וועל איך בייא אייך פרעגין וואו איז אייער כבוד
אב ואם? וואס זייא האבין אזו פיל געליטין, איידער איהר זייט מענשען
גיווארין? איך וועל אייך ערקלערין, אויסער דעם וואס איהר גיט זייא
גיט אפ קיין כבוד. זייט איהר נאך זייא מבזה אונ איהר שעמט זיך נאך
מיט זייא ווען זייא זיינען ניט רייך *), אדער ח"ו נאר ארימע מענשין; איך
האב אויף צו ווייזין אויף אלע עשרת הדברות נאר דאס וועלין מיר לאזין
צום צווייטין מאל. דער דין פון כבוד אב ואם איז אזו וויא איך וועל
ווייטער שרייבין. אונ ווידער שטייט איש אמו ואביו תיראו (ויקרא י"ט)
ערקלערט אונזער הייליגער תלמוד וואס איז כבוד אונ וואס איז מורא?
כבוד איז אזוי, ווען דער פאטער האט ניט פון וואנען צו לעבין בעדארף
ער איהם שטיצין בדרך כבוד, אבער ווען ניט בדרך כבוד, אפילו ער
שטיצט אים יוא, דהיינו ער שיקט אים דיא שפיז צו הויז, בכדי ער
זאל צו אים ניט קומען, ווייל ער שעמט זיך מיט אים, אדער איין אנדער
ארט אום-כבוד, דהיינו ער ווייזט אים איין אונצופרידענעם פנים, מעג ער
אים אפילו געבין אלע טאג גיבראטענע עופות וועט ער דאפיר בעשטראפט
ווערין וויא אונזערע חכמים ערציילין (ירושלמי פאה פ"א) איינער האט גיגעבין
עסין זיין פאטער פסיוני (אזא מין טייערע פויגיל), איין מאל פרעגט אים דער
פאטער: „מיין קינד, וויא גייען דיינע גישעפטין? צו ביסטו אים שטאנד
מיר צו קארמענען מיט אזעלכע טייערע שפייז"? ענטפערט דער זון:
„וואס האט דאס צו דיר דוא אלטער זי'ץ אונ קאיי"! אויף דעם ארט פערלירט
שוין דער זון דער שכר פון מצות כבוד אב, ווען אויך ער שפייזט דער פאטער פון
דיא שענסטע אונ בעסטע. — ווידער האט פאסירט אין גימיינעם אויפן
איינער האט זיך גישפייזט מיט זיין אלטין פאטער פון דעם וואס ער פלעגט
מאלין אין זארנעם, איז אמאל אויפגעפאדערט גיווארין זיין פאטער אויף

אהיידנישע

*) ביי אונז אין ווילנא האט ניט לאנג פאסירט, איודישער דאקטער איז גיפארין מיט
אשררה פאר ביי זיין פאטער (דעם דאקטערס), גיוואהנליך האט אים דער פאטער געגריסט —
ווער איז דיזער יוד? (פרעגט דער שררה). — דאס איז מיין שניידער (ענטפערט דער דאקטער). —
שיק אים צו מיר איך דארף טאקע האבין אשניידער (זאגט דער שררה). — ער איז ניט קיין
גוטער מייסטער נור אלאטוטניק (ענטפערט דער דאקטער). — נוא נוא! זאגט דער פאטער
(וואס האט זיך דאס דער וואוסט דורך זיינעם אגוטען פריינד וועלכער האט גיהערט דעם געשפרעך) שוין האב
איך אויסגעפירט! איך האב אוועק גילייגט מיין לעבין אויף בילדונג, מאכין אים פאר אדאקטער
אונ ער האט מיר גימאכט פאר אלאטוטניק.

אהיידנישע קרוינס ארבעט, ער זאלגין מאן אמלכה בזויה, וויא צום ב"ש קערין דעם מארק. זאגט צו איהם דער זון: „ליבער פאטער, מאל דוא בעסער אין דיא זארגעס, עס איז אפילו א שווערע ארבעט, נור אין שטוב וועסטו ניט פארשעמט ווערין אונ איך וועל גיין קערין דעם מארק". דאכט זיך ער זאסטאוועט דעם פאטער צו מאלין, דאך האט ער עולם הבא, ווייל ביי איהם איז טייער דער כבוד פון פאטער.

היינט ברידער וועל איך ביי אייך פרעגין, זאגט מיר אז ביי אייך אין שטוב איז טרייף אונ דער פאטער האלט זיך ביין גלויבין, אז דיא תורה זאגט „כל חלב וכל דם לא תאכלו", בשר בחלב איז אסור בהנאה אונ פאר דער זעלבע תורה ווייס ער גאנץ געווים אז מיוועערט העראוים גיצויגין ווען מען היט איהר ניט, אונ לסוף קען ער ניט עסין מיט זיין אייגענע קינד, איז דאס דרך ארץ?

דיא חכמים האבין גיאסערט אפילו צו זעצין הינער אויף ענטישע אייער ווייל דיא נאטור פון ענטליך איז צו שווימען אויף'ן וואסער אונ דיא הון קען אין וואסער ניט שווימען, וועט זיא דאך האבין דער פון שמערצין, וויא איז זייא אוים גיוועסין, האט אויף זייא גידארט 21 טעג, צו לעצט ווארפין זייא איהר אוועק אונ זיא קען מיט זייא צוזאמען ניט עסין, איז איין צבע"ה. דאך אויסער וואס איהר פאלגט ניט השי"ת, וועלכער מיר דארפען איהם דאנקען אשר הוציאנו ממצרים האבין מיר דאך קיין רחמנות אויף אונזערע עלטערין ווען דיא קיך איז טרייף. דיא תורה הקדושה זאגט „ואכלת ושבעת וברכת את ד' אלהיך, ווען מען עסט בעדארף מען לויבין גאט פאר דעם עסין, אונ נאך דעם עסין, איך ווייס גאנץ גוט אז השי"ת איז דער זעלבער גאט צו מילויבט איהם אדער ניט, דאך האט ער גיהייסין צו ווייזין אונז אז מיר דארפין זיין דאנקבאר דער פאר וואס ער גיט אונז קרעפטין צוא פארדינען דעם עסין, אונ ח"ו ניט דער ווארגין ווערין מיט דעם עסין! היינט וואו איז דער דאנק? (לעזט אין מעשה אלפס ח"א, דיא היסטאריע פון חיים דעם קלוגין ישיבה מאן מיט דעם גינגנבעסין עפיל וועט איהר האבין פיל פערגעניגען). דיא תורה זאגט „ולמדתם אותם את בניכם", איהר זאלט לערנען אויך אייערע קינדער ליב צוא האבין גאט ב"ה אונ צו דאנקען איהם. אז איהר אליין דאנקט ניט גאט, איהר לייגט קיין תפלין קיין ציצית ניט, איהר וואשט זיך ניט צום עסין ווייל איהר דער מאנט נישט דעם נאמען פון השי"ת, אונ דיא עסין איז נאך דער צו טריפה וועלבע עס איז חלב ודם, היינט וואס פאר אלערע קענען

האבין

דָאבּין אַייֶערֶע קִינְדֶער ? לָאמִיר זִיךְ נִישְׁט שֶׁעמֶען , בֶּעסֶער אַ שַׁאנְדֶע אִין פָּנִים אֵיידֶער אַ וַוייטָאק אִין בּויךְ .

יְחֶזְקֵאל הַנָבִיא הָאט גְיזָאגְט ולא בדרכיהן הלכת (ט״ז) הָאבּ אִיךְ פְרִיעֶער גִיזָאגְט אַז דִיא גוּטֶע זַאכִין וָואס אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער טוּעֶן , טוּעֶן מִיר נִיט , נָאר בּעו״ה וִויא דִיא הוּלְטַייֶעס טוּעֶן מִיר יוֹא נָאךְ , וֶוערְדֶע אִיךְ אַייךְ וַוייזִין וִויא רִיכְטִיג דָאס אִיז . שלמה המלך זָאגְט אִין קֹהֶלֶת (ז׳) טוב ללכת אל בית אבל מִלֶכֶת אל בית משתה , עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ גֵיין ר״ל צוּ אַ מֵת אֵיידֶער אוֹיף אַבַּאל אָדֶער אַפִּילוּ אוֹיף אַ חֲתוּנָה , פַאר וָואס והחי יתן אל לבו אוּם דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער זָאל זֶעהֶען דִיא עֶנְדֶע פוּן מֶענְשִׁין , אוּנ זָאל זִיךְ נִיט אִין גַאנְצִין הֶערַיין לָאזִין אִין עוֹלָם הַזֶה ! עֶר מוּז וִויסִין אַז עֶס וֶועט קוּמֶען אַסוֹף אוּנ עֶר וֶועט דָאךְ מוּזִין אָפּ גֶעבִּין דִין וְחֶשְׁבּוֹן . צוּב״ש בַּייא דִיא אָרְתָאדָאקְסִישֶׁע אִידִין אִיז נָאךְ בִּיז הַיינט , וִויא דֶער מֶענְשׁ שְׁטַארְבְּט לַייגְט מֶען אִיהם אוֹיף דֶער הַייל׳ער עֶרְד אוֹיף אַבִּיסֶעל שְׁטְרוֹי , דֶער נָאךְ קוּמֶען דִיא חֶבְרָה קַדִישָׁא ג׳ה מִיט אַפְּרָאסְטֶע בְּרֶעט , מֶען מַאכְט אַפְּרָאסְטִין אָרוֹן , אִיז דֶעם פַּיינֶעם מֶענְשִׁין טְרָאגְט מֶען אוֹיף דִיא הֶענְט , אוּנ דֶעם פְּרָאסְטִין מֶענְשִׁין פִירְט מֶען אִין אַפְּרָאסְטִין שְׁוַוארְצִין קַאסְטִין מֶען טוּהְט אִיהם אָן אִין פְּרָאסְטֶע וַוייסֶע לַייוְוינְט אוּנ מֶען אִיז דֶעם מֵת מְקַבֵּר , דִיא קִינְדֶער מִיט אַלֶעמֶען זָאגִין צִדוּק הַדִין , דֶער זָאהן זָאגְט קַדִישׁ , פַאלְט וִוירְקְלִיךְ אוֹיף דֶעם צוּ זֶעהֶער אַמוֹרָא אוּנ מֶען קוּמְט צוּ הִירְהוּר תְּשׁוּבָה ! דֶער נָאךְ קוּמְט דֶער שַׁמָשׁ אוּנ שְׁנַייט דֶעם אָבֵל ר״ל אִין זַיין קְלַאפֶּע אוּנ זָאגְט צוּ אִיהם ,,רַייס וַוייטֶער בִּיז אַטֶפַח !״ טוּהְט דָאס וַוייטֶער דֶעם צוּ קוּקֶער אַקְלַאפּ אִין הַארְצִין תְּשׁוּבָה . מֶען גֵייט צוּם אָבֵל ר״ל אַהֵיים , מֶען דֶערְוִוישְׁט דִיא שְׁפִּיגְלֶען מִיט דִיא קַארְטִינֶעס פַארְהַאנְגֶען , עֶס זִיצִין אוֹיף דֶער עֶרְד אָן שִׁיךְ דִיא גַאנְצֶע פַאמִילִיע , טוּהְט דָאס וִוידֶער אַקְלַאפּ אִין הַארְצִין . וָואס טוּהְט ר״ל דֶער אָבֵל ? אָדֶער עֶר לֶערִינְט אִיוֹב , אָדֶער דִיא דִינִים פוּן אֲבֵלוּת ר״ל . אִין דֶער פְרִיא קוּמֶען מֶענְשִׁין . דֶער אָבֵל ר״ל , דָאס הֵייסְט דֶער זָאהְן גֵייט אִין טַלִית וּתְפִילִין , אִין זָאקִין , עֶר דַאוְוינְט אוּנ זָאגְט קַדִישׁ פַאר דֶער נְשָׁמָה פוּן זַיין זֶעלִיגִין פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער ! הֲגַם עֶס טוּהְט דָאךְ אַקְלַאפּ אִין הַארְצִין דָאךְ אִיז שׁוין אַבִּיסִיל נֶחָמָה ! דֶער זָאהן אִיז דָאךְ דֶער כֹּחַ פוּן פָאטֶער עה״ש , עֶר אִיז דָאךְ מִיט זַיין דַאוְונֶען מִיט זַיין קַדִישׁ אִיהם מְתַקֵן , עֶר הָאט אִיהם עֶרְצוֹגִין אוֹיף דֶער וֶועלְט , אוּנ הָאט אִיהם גִיבְּרַאכְט צוּ עוֹלָם הַזֶה דוּרְךְ זַיינֶע עֶרְצִיהוּנְג , אִיז דֶער זָאהְן מְזַכֶּה דֶעם פָאטֶער לְחַיֵי עוֹלָם הַבָּא ! דֶער נָאךְ דֶער אָרֶעמְטְלִיכֶער זָאהְן גֵייט אַ גַאנְצִין יָאהְר אִין שׁוּל

דאוונען

דאַוונען מיט ציצית ותפילין, דער וואָס קען דאַווינט נאָך פאַרין עמוד אויך נוא דאָס איז דער כבוד נאָך דעם טויט. אָבער בעו"ה מיר טוהען אַנדערש (ווען אויך נאָך אונזער רעליגיאָן טאָרין מיר דאָס גאָר ניט טאָהן), מען מאַכט אַ קאָטעפּאַלקע אונ דער מת ליגט ניט אויף דער ערד, אונטער דער צייט מאַכט מען זיך נאָך נייע קליידער מיט טרויער מיט אַ נייע הוט, עס ווערט גישפּאַנט פיר פערד, דער גראַב איז גאָר אַ מעטאַליצישקער אָדער אַדובּאָוער אַפּיינער! דער גראַב איז גאָר מיט בלומען אונ מיט ווענקי פאַר שידענע, עס איז פּראָסט אַ מחיה צו זעהן! דער חזן מיט דיא משוררים (דער קאַזאָנער רב) טוהען זיך אָן אין ראַסעס, עס איז אַ גאַנצער פּאַראַד!*) דיא וואָס גייען צו דער לויה גייען זעהן דעם פּאַראַד מיט דער צירעמאָניע, קיין קדיש זאָגט ניט דער זאָהן ווייל ער קען ניט קיין עברי, אונ אויסער דעם פאַרשטייט ער גאָר ניט, אפילו דער וואָס זאָגט שוין אָן גישריבין אידישע ווערטער מיט פרעמדע בוכשטאַבין, דיא וואָס פאַרשטייען האַלטין זיך קאַם איין פון גילעכטער! מישטיינס גיזאָגט אַ שיינער כבוד פאַר דעם מת ר"ל. דער נאָך קיין שבעה זיצט ער ניט, קיין מנין צו הויז מאַכט ער ניט, עס פּאַסט ניט, מען וועט דאָך וויסין אַז ער איז אַ איד! וואָס דען מען מאַכט אים "מלא רחמים" אונ מען זינגט אָן אויפהערונג, וועער איז דער מאַכער פון מלא רחמים? בייא אַגאַנץ רייכין איז דער חזן מיט דיא פּיעווצעס (איך וויל זייא ניט בעליידיגין, אַז אַך אונ וויי! זיי זיינען דאָס מעלה דיא נשמה אין גן עדן!?) אונ בייא ניט קיין רייכין זייט מיר מוחל דער שמש פון חברה קדישא. וואָס על פּי רוב ווייס ער גאָר ניט וואָס ער רעט! איהר זייט שיין מקים ולמדתם אותם את בניכם. אַי אָי ווייא איז מיר, מען זאָגט אַז מען האָט קינדער אין דיא וויגין מוז מען לאָזין לייטין צו פרידין. דער נאָך ווערט גיטרונקען אונ געגעסין אויפין בית עולם. ניט סעודת הבראה פאַרשטייט איהר. פאַר דעם קריסט, איז דאָס ווירקליך שיין, איך וועל אייך דאָס אויך ריכטיג ערקלערין, אָבער מיר טאָרין דאָס ניט! איהר זייט דער מיט נאָר מבזה אונזער רעליגיאָן. דאַרויף זאָגט שלמה המלך אין משלי (ל' י"ז) עין תלעג לאב ותבז ליקהת אם יקרוה ערבי נחל ויאכלוה בני נשר! ער שילט דיא מענשין וואָס מאַכין אַז מען זאָל לאַכין פון פאָטער, אונ פון דיא וואָס זיינען מבזה דיא אַלטע מוטער - דאָס מיינט מען דיא אַלטע תורה, וועלכע זיא האָט אונז ערצויגען מיט איהרע מנהגים דיא אַלטע, אַזו ערקלערין דיא מפרשים. איך וויל ניט זאָגין דיא קללה ר"ל. שלמה המלך זאָגט אויך אין משלי (כ"ג) שמע לאביך זה ילדך ואל תבוז כי זקנה

*) ענדע בוך וועלין מיר שרייבען אַ וואונדערליכע היסטאָריע וועגין היינטיגע צערעמאָניע.

אבער

אמך, פָאלְג דַיין פָאטֶער וֶועלְכֶער דיר גיבָארין הָאט, פַאר שֶׁעם נִיט דִיא מוּטֶער וָואס אַלְט אִיזְט. וָואס דִיר עֶרְצוֹיגִין הָאט. דָאס אִיז אֵיינְפַאךְ, מֶען זָאל זִיךְ פִירִין בְּדַת הַיַהֲדוּת וִויא אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין זִיךְ גִיפִירְט.

יֶעצְט וֶועל אִיךְ אַייךְ עֶרְקְלֶערִין פַאר וָואס אַ פַארַאדֶע מַאכֶען בַּייא אַ קְרִיסְט אִיז רֶעכְט, אוּנ בַּייא אוּנְז אִיז נִיט רֶעכְט! לָאמִיר גֵיין כְּסֵדֶר, דֶער קְרִיסְט וָואס הִיט נָאר שֶׁבַע מִצְוֹת (וַוייל דֶער עָווִיגֶער הָאט דָאס פַארְזָאגְט) הָאט עֶר עוֹלָם הַבָּא; וִויא דִיא גְמָרָא זָאגְט חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא, דֶער רמב״ם זָאגְט דָאס אויךְ אִין הִלְכוֹת מְלָכִים. דֶער קְרִיסְט טְרָאגְט זַיין קְרַייץ אוּנ אִיז זִיךְ מִתְוַדֶה אִין פָאסְט יֶעדֶען יָאהְר, דֶער פְרוּמֶער פַאסְט צְווֵייא טֶעג אִין יֶעדֶע וָואךְ! נָאר אִיבֶּער הוֹיפְּט אִין דִיא גְרוֹיסֶע פָאסְטִין, אִיז דָאךְ וָואכִין וַויים, צוּ לֶעצְט אִיז דָאךְ בֵּיינַאהֶע יֶעדֶער קְרִיסְט פַאר דֶעם טוֹיט זִיךְ מִתְוַדֶה אוּנ נֶעמְט אַבִּינְט מָאל! אִיז עֶר גַאנְץ זִיכֶער אַז עֶר קָאמְט גְלַייךְ נָאךְ דֶעם שְׁטַארְבִּין פוּן אַ עוֹלָם עוֹבֵר אִין אַ עוֹלָם קַיָים! דָאס הֵייסְט פוּן דִיא לֵייפִינְדֶע וֶועלְט אִין דִיא אֵייבִּיגְקַייט! וָואס אִיז דָא צוּ וֵויינֶען? אָבֶער מִיר בְּרִידֶער פִירִין דָאךְ גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטִין מִיט דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, מִיר הָאבִּין תרי״ג מִצְוֹת, רמ״ח מִצְוֹת עֲשֵׂה שס״ה לֹא תַעֲשֶׂה, אִיז דָאךְ דֶער רֶעכְנוּנְג אַגְרוֹיסֶער, הַיינְט וָואס אִיז דִיא שִׂמְחָה מִיט דֶעם פַארַאד בַּייא אוּנְז? נוּא זָאגְט אַלֵיין פִירִין מִיר זִיךְ רֶעכְט? דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל לֶעבִּין אָן רֶעכֶענוּנְג, שְׁטַארְבִּין אָן וִדוּי! דֶערִיבֶּער טָארִין מִיר זִיךְ צוּ זֵייא נִיט גְלַייכִין *).

הַיינְט וֶועלִין מִיר קָאמֶען צוּ דִיא רִיכְטִיגֶע פְרִיצִינֶע וָואס מִיר לַיידִין מֶערֶער וִויא אַלֶע נַאצְיָאנֶען; וַוייל מִיר ווִילִין טָאהן וָואס זֵייא טוּעֶן אוּנ מִיר פַאר גֶעסִין אַז זֵייא אִיז דָאס עֶרְלוֹיבְּט אוּנ אוּנְז אִיז דָאס נִיט עֶרְלוֹיבְּט! מלכותא דרקיע כעין מלכותא דארעא, דָאס הֵייסְט דִיא מְלוּכָה פוּן הִימִיל אִיז בֵּיינַאהֶע וִויא דִיא מְלוּכָה פוּן דֶער עֶרְד, אוּנ וִויא אִיז אויךְ דֶער עֶרְד? צב״ש, עֶר קֶען זַיין דֶער בֶּעסְטֶער סָאלְדַאט, אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶער פַּאטְרְיָאט, נָאר אַז עֶר אִיסְפָּאלְנְאֶעט נִיט דִיא דִיסְטָאפְּלִינֶע, גִיט מֶען אִיהם אָפּ פָּאד סוּד. אַזוֹי בְּרִידֶער אִיז מִיט אוּנְז אוֹיךְ, אִיהר קֶענְט אַפִילוּ גְלוֹיבִּין אִין גָאט נָאר וִוי בַּאלְד אִיהר הַאלְט נִיט אַז תּוֹרַת מֹשֶׁה אִיז מִן הַשָּׁמַיִם בֶּעקוּמֶען מִיר אַלֶע דֶער פַאר קְלֶעפּ! מִיר אִידִין זָאגִין אַז קוּב״ה ואורייתא וישראל חד הוא! ד. ה. גָאט ב״ה מִיט זַיין תּוֹרָה אִיז אֵיינְס, דָאס בֶּעדַייטֶעט וֶוען מִיר הִיטִין זִיא, לָאזְט

עֶר

*) בני נח האָבין מים דעם בורא אַחשבון נור אויף שבע מצות אָבער דער וואָס זיינע עלטערין זיינען געשטאנען על „הר סיני" האָט ארעכנונג פון תרי״ג מצות.

ער ניט צו אז אונז זאל שלעכט זיין! אבער אז מיר מאכין נייע תורות, ניט וועלכע גאט ב״ה האט גיגעבין אונ מיר פארגעסין זיך אן דיא עבודת הבורא, האט אונז משה רבינו אן גיזאגט אין זיין שירה (דברים ל״ב) צור ילדך תשי וגו׳ וירא ד׳ וינאץ מכעס בניו ובנותיו! ווען מיר פאלגין ניט, שטראפט מען אונזערע קינדער. משה רבינו האט גיזאגט ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה, גוט אונ שלעכטעס ווענדעט זיך אן אונז אליין, מפי עליון לא תצא הרעות והטוב (איכה ג), דער אויבערשטער אדער דיא ממשלה האבין אין דעם קיין שולד, אז מיר פיהרין זיך גוט דאן איז אונז גוט, השי״ת גיט בלב מלכים ושרים אז זייא זאלין צו אונז גוט זיין, ח״ו ווען מיר פאלגין ניט אונזערע עלטערין אונ מיר זאגען אז דיא תורה איז גאר אצווייטע סטעפענע, גיט השי״ת בלב מלכים ושרים אז מען זאל זיך בעגיין מיט אונז נאך אונזערע מעשים. משה רבינו זאגט אין אונזער תורה (דברים ל״ב) זכור ימות עולם בינו שנות דור ודור, אז יעדער איד איז מחויב צו ערמאנערין דיא פאריגע צייט, אונ אזוי וויא איך בין יעצט העכער זעכציג יאהר, איז דאך דאס א יובל מיט עפעס, וועל איך אייך ערמאנערין וואס איך גידיינק. אידין האבין גיוואוינט אויף דיא דערפער, מען האט זיי גירופין ישובניקעס, זייא זיינען גיוועזין אנארט אידישע בוערין, מען פלעגט זיך אן דער צייטין פון זייא מעשיות אז מען פלעגט קראנק ווערין לאבענדיג, איך וואלט אפילו איינגע זאכין דער צייטין נאר איך האב פיינט לצנות. מיט איין מאל איז גיקומען אאוקאז אז מען זאל ארויס טרייבין אלע אידין פון דיא דערפער, זאג איך אייך ברידער אז דער יאמער איז גיוועזין גאנץ גרויס, דאכט זיך איז דאך גיוועזין דיא גזרה זייער גרויס (האבין פרומע אידין גיזאגט אז דער הויפט חטא איז גיוועזין פאר חילול שבת*), פון דעסט וועגין איז דאס גיוועזין בדיעבד לטובה! דיא קינדער פון ישובניקעס זיינען אריין אין דיא תלמודי תורה וישיבות אונ עס איז ארויס פון זייא גרויסע צדיקים מופלגי תורה, אונ מען האט זיך גינומען צו דער תורה פיל מעהער וויא פריהער. דיא ממשלה האט אקוק גיטאהן, אז עס גיפינט זיך אונטער אחב״י וויכטיגע מענשין, צב״ש אין יענער צייט האט נאך גילעבט ר׳ יצחק דוב לעווינזאן! האט ניט בעזוכט קיין קריסטליכע שול אונ נאך אזעלכע פיל, נאר דיא ממשלה ווייס אבער אז מען קען זיך מיט זייא ניט צוזאמען ריידין זיי קענען ניט דעם
לשון

*) ווייל דיא גמרא זאגט אין מסכת שבת (פ׳ כל כתבי דף קי״ט) אז דער פאר האט מען אונז פון ירושלים אויך ארויס געטריבין.

לָשׁוֹן הַמְדִינָה, הָאט זִיא אַרָאפּ גִיבְּרַאכְט אַגֶעוִויסִין אוֹיסְלֶענְדֶער לילינטאל, אוּנ הָאט גִיטְרֶעבֶּעוֶועט אַהֶער אִין פעט״ב אַקַאמִיסְיֶע פוּן רַבָּנִים, אוּם עֶס זָאל קֶענֶען זַיין רִיכְטִיגֶע רַבָּנִים ע״פ דַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל, אוּנ דֶער צוּ זָאלִין זַיי קֶענֶען אוֹיךְ שְׂפַת הַמְדִינָה, דַאכְט זִיךְ אַז עֶס אִיז גָאר נִיט שְׁלֶעכְט, אִיז דָאךְ וִוירְקְלִיךְ וֶוען עֶס וָואלְט זִיךְ גִיפִירְט רֶעלִיגְיָאזֶגֶע וָואלְט טַאקִי גִיקֶענְט אַרוֹיס פוּן דָארְט וִויכְטִיגֶע רַבָּנִים, וְוִיא דִיא פְּרָאגְרַאמֶע אִיז גִיוֶוען, אִיז אָבֶּער צוּם אוּנְגְלִיק גִיוָוארִין דָארְט לֶעהְרֶער מֶענְשִׁין אָן יִרְאַת שָׁמַיִם. אִיךְ וֶועל אַייךְ עֶרְצֵיילֶען אַפַּאקְט, נִיט קֵיין אַנֶעקְדָאט, עֶס הָאבִּין זִיךְ אַמָאל אָבּ גִיבֶּעטִין אֵייניגֶע קַאזָאנֶע שִׁילֶער שְׁפַּאצִירִין גֵיין. זַיינֶען זַייא גִיגַאנְגֶען, אִיז דָא אוּנְטֶער וִוילְנָא אַ אָרְט וָואס מֶען רוּפְט פאגולאנקע, דָארְט הָאבִּין אִידִין נִיט גִיטָארְט וואנֶען וַוייל דָאס אִיז שׁוֹין נִיט שְׁטָאט, הָאט דָארְט גִיהַאלְטִין אַקְרִיסְט אַבּוּפֶעט, דִיא יוּנְגֶע לַייט דִיא שִׁילֶער זַיינֶען דָארְט גִיגַאנְגֶען גוּלַייעֶן, הָאט זִיךְ זֵייא פַאר וָואלְט עֶסִין הָאבִּין זֵייא דָארְט גִימַאכְט צוּ שְׁנַאפְּס אוּנ פַאר בִּיסִין מִיט טְרֵפוֹת, דֶער נָאךְ אִיז דָארְט גִיוֶוען אַאָרְקֶעסְטֶער מִיט מוּזֶעקַאנְטִין, וֶועלְכֶע מֶען פְּלֶעגְט טַאנְצִין, הָאבִּין דִיא יוּנְגֶע שִׁילֶער אוֹיךְ גִיטַאנְצְט מִיט מֵיידְכֶען, אוּנְטֶער דֶעסִין אִיז גִיקוּמֶען אַ איד מִיט עֶפִּיל אַפֶּעלְסִינֶען אוּם עֶר זָאל קֶענֶען עֶטְוָואס פַאר קוֹיפִין, הָאט עֶר דִיא שִׁילֶער דֶער קֶענְט (פַארְגֶעסְט נִיט דָאס אִיז אַגִישִׁיכְטֶע בֵּיינַאהֶע 50 יָאהְר), אַגְוַואלְד אַגִיפִּילְדֶער אִידִישֶׁע בָּחוּרִים זָאלִין עֶסִין חַזִיר אוּנ צוּא לֶעצְט טַאנְצִין מִיט מֵיידְלַאךְ. זַיינֶען אִידִין פִּיל גִיגַאנְגֶען צוּם רֶעלִיגְיָאנְס לֶערֶער, אוּנ הָאבִּין אָן גִיפַאנְגֶען צוּ שְׁרַייעֶן, פַאר אוּנְזֶערֶע בְּלוּט וָואס מֶען רַייסְט פוּן אוּנְז דִיא לִיבְּט גֶעלְט זָאל מֶען אוֹיף הָאדֶעוֶוען אַזֶעלְכֶע אַפִּיקוֹרְסִים! מִיר וֶועלִין דָאס נִיט שְׁוַוייגִין; דֶער דוּכָאוְונֶער לֶעהְרֶער הָאט גִיזָאגְט שְׁוַוייגְט, שְׁרַייט נִיט אַלֶע, זָאגְט וָואס הָאט אִיר גִיזֶעהֶן? הֵייבִּין דָאךְ אָן וִוידֶער אַלֶע צוּ לַארֶעמֶען שְׁטַייט. זָאל אֵיינֶער רֵיידִין, וֶועל אִיךְ וִויסִין! נוּ גוּט חַיִים דֶער צֵייל דֶעם רֶבִּי, זָאגְט עֶר בָּזֶה הַלָשׁוֹן, רֶבֶּעשְׁיוּ וְוִיא אִיךְ בִּין אַאִיד אַז אִיךְ אַלֵיין הָאבּ גִיזֶעהֶן. וָואס הָאסְטוּ גִיזֶעהֶן? פְרֶעגְט עֶר וַוייטֶער. וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ מַאֲרִיךְ זַיין, אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶן אַז חיימקע בערקע בְּלֶעכֶערְס זָאהְן מִיט שמערקע נאטקעס בָּחוּר מִיט נָאךְ אַגַאנְצֶע חֶבְרָה יוּנְגַאצֶעס פוּן אַייעֶרֶע תַּלְמִידִים וָואס מֶען רוּפְט זֵייא עֶפֶּעס שִׁילֶער אָדֶער שְׁפִּילֶער, דֶער טַייוִויל וֵויס. הָאבִּין גִיגֶעסִין חַזִיר אוּנ הָאבִּין גִיטַאנְצְט מִיט מֵיידְלַאךְ! אַי אַי! הָאט עֶר גִיטָאהְן אַגְלֶעט דֶעם רוּנְדִין בָּארְד, אִיךְ הָאבּ נִיט גוּט גִיהֶערְט וָואס. זַיי הָאבִּין... עֶנְטְפֶערְט חַיִים גִיגֶעסִין חַזִיר אוּנ גִיטַאנְצְט מִיט מֵיידְלַאךְ. שְׁוַוייגְט

ער

עֶר ווִידֶער • נוּא טוּא וָואס ווִילְט אִיהר ? זֵייא הָאבִּין דָאךְ רִיכְטִיג גִיטָאהְן, אַז זֵייא וָואלְטִין עֶסִין מֵיידְלַאךְ אוּנ טַאנְצִין מִיט חַזִיר וָואלְט אִיהר גִיוָועץ גִירֶעכְט, אָבֶער אַז זֵייא הָאבִּין דִיא חַזִיר גִיגֶעסִין, אוּנ מִיט דִיא מֵיידְלַאךְ גִיטַאנְצְט אִיז רִיכְטִיג ווִיא מֶען בֶּעדַארְף, גֵייט בְּרִידֶער לִיבֶּער מִיט אַייעֶרֶע עֶפִּיל, אוּנ קִימֶערְט זִיךְ נִיט אַרוּם אַזֶעלְכֶע נַארִישְׁקַייט • וֵוייסְט אִיהְר וָואס דֶער פוּן אִיז גִיוָוארִין ? עֶס הָאבִּין זִיךְ גִיפוּנֶען אַזֶעלְכֶע וָואס הָאבִּין דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע גִישְׁרִיבִּין צוּ דִיא מִינִיסְטָארִין אוּנ הָאבִּין גִיזָאגְט וָואס פַאר אַ רַבָּנִים קֶענֶען אַרוֹיס קוּמֶען פוּן דִיא רַאבִּינֶער שׁוּלִין ? אַז דָאס מֶערְסְטֶע טֵייל זַיינֶען אַפִּיקוֹרְסִים אוּנ דֶער צוּ הָאבֶּען זֵייא בַּאוִויזִין פִיל פַאקְטִין • קוּרְץ מֶען הָאט דִיא רַאבִּינֶער שׁוּל צוּ גִימַאכְט, הַיינְט וֶוער אִיז דֶער בַּייא שׁוּלְדִיג ? דִיא מֶמְשָׁלָה הָרוֹמֵמָה הָאט דָאךְ גִיוָואלְט אַז עֶס זָאלִין זַיין אִידִין גִיבִּילְדֶעט אוּם מֶען זָאל קֶענֶען דוּרךְ זֵייא דֶעם גַאנְצִין פָאלְק, הָאט זִיא עֶרְלוֹיבְּט אַז אִידִישֶׁע קִינְדֶער אָן אַ אוֹיסְנַאהְמֶע זָאלֶען קֶענֶען אַרַיין אִין גִימִינַאזְיֶעס אִין אַלֶע אוּנִיוֶוערְסֶעטֶעטִין אִין אַלֶע פַאקוּלְטֶעטִין, אוּנ הָאט נָאךְ אחב"י גִיגֶעבִּין מֶערֶער פְּרִימוּשְׁצֶעסְטְוָוא אִין אֵיינִיגֶע זַאכִין, צב"ש דֶער אִיד אִיז נִיט פַארְפְּלִיכְטֶעט צוּ שְׁרַייבִּין שַׁבָּת אוּנ יו"ט, דֶער וָואס וֶועט עֶנְדִיגִין הָאט פְּרַאווְ צוּ וואֹנֶען אִין גַאנְצִין רוּסִישִׁין רַייךְ, גְלַייךְ מִיט אַלֶע רוּסִישֶׁע פַּאטְצָאטְנֶע גְרַאזְשְׁדַאנֶעס • דֶער וָואס וֶועט עֶנְדִיגֶען מִיט דֶער זְוַואנֶע קַאנְדִידַאט מַאגִיסְטֶער, דָאקְטָאר, הָאבִּין נָאךְ פְּרַאוֶוע צוּ הַאלְטִין אִין דִיא עֶרְטֶער אֲפִילוּ דָארְט וואוּ אחב"י טָארִין נִיט וואֹנֶען 2 סְלוּזַאשְׁצֶעס, וַוייל דֶער אִיד מוּז דָאךְ הָאבִּין כָּשֵׁר, אִיז אִיהם עֶרְלוֹיבְּט אַ לָאקַאי מִיט אַ פָּאוַואר, אִיז דָאךְ ווִידֶער אַ בַּאוַוייז אַז דִיא מֶמְשָׁלָה הָרוֹמֵמָה ווִיל, אַז מִיר זָאלִין זַיין אִידִין • לֶעזְט דֶעם וֶועקְסֶעל אוּסְטַאוו וֶועט אִיר זֶעהֶן אַז אוֹיף אַ אִידִין קֶען מֶען נִיט שַׁבָּת פְּרָאטֶעסְטִירִין אַ וֶועקְסִיל אָבְוָואהל דֶער נָאטַארִיוּס מִיט דִיא קְרִידִיטָארִין זַיינֶען קְרִיסְטִין, וַוייל דִיא מֶמְשָׁלָה הָרוֹמֵמָה הָאט גִיוָואלְט זֶעהֶן אוּנְטֶער אִיהרֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע אִידִין, אַזוֹי ווִיא זִיא זֶעהט גִיבִּילְדֶעטֶע קְרִיסְטִין •

מִיא הָאט אחב"י גִיגֶעבִּין קְרוֹינְס שְׁטֶעלִין אִין דִיא פָּאלְקִין וָואיֶענֶע דָאקְטוֹרִים, אִין סֶענַאט, אִין מִינִיסְטֶערְיוּם, דֶער כְּלַל אִיבֶּערַאל • אָבֶער צוּם אוּמְגְלִיק הָאט דָאס דִיא מֶמְשָׁלָה נִיט דֶער זֶעהְן, זִיא הָאט נָאר גִיזֶעהְן אִידִין מִיט דֶעם נָאמֶען, אָבֶער נִיט מִיט דִיא מַעֲשִׂים, עֶס אִיז גִיוָוארִין פִיל גִיעֶנְדִיגְטֶע, אָבֶּר זֵייעֶר וֵוייניג אִידִין, ד• ה• מַאֲמִינִים, וַוייל נִיט קַיין מַאֲמִינִים, קֶען קַיין מֶמְשָׁלָה נִיט לַיידִין • אוֹיסֶער דֶעם הָאט זִיךְ נָאךְ גִיפוּנֶען בעו"ה אֵיינִיגֶע יוּנְגַאצֶעס נִיהִילִיסְטֶען, סָאצְיַאלִיסְטִין, אוּנ מִיר אחב"י זַיינֶען דָאךְ עֲרֵבִים

זֶה בָּזֶה, הָאט מֶען אוּנְז אָן גִיפַאנְגֶען גֶעבִּין צוּרִיק אַהָאד. אִין פִּיל שְׁטֶעלִין, אַנְשְׁטַאלְטִין, זָאל מֶען קֵיין אחב"י נִיט צוּ לָאזִין אִין גַאנְצִין, אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעלִין אִיז נָאךְ אַ חֶסֶד מִיא הָאט גִימַאכְט %, עֶס אִיז רִיכְטִיג וִויא דֶער נָבִיא הָאט גִיזָאגְט (ירמי' ה') עונותיכם הטו אלה וחטאתיכם מנעו הטוב מכם, כי נמצאו בעמי רשעים, דָאס הֵייסְט דָאס וָואס מִיר זַיינֶען אַזוֹי שָׁפָל, אִיז דָאס דֶער פַאר, וואס מִיר זַיינֶען זִינְדִיג הָאט מֶען דִיא גוּטֶעס פוּן אוּנְז צוּגִינוּמֶען, וַוייל בַּייא אוּנְז אִיז דָא רְשָׁעִים, פַּלְגֵי מַיִם לֵב מֶלֶךְ בְּיַד ד' עַל כָּל אֲשֶׁר יַחְפּוֹץ יַטֶנוּ (משלי כ"א א'). הַיינְט וַוייטֶער אחב"י הָאבִּין זִיךְ אָן גִיפַאנְגֶען צוּ שֶׁעמֶען מִיט זַייעֶרֶע אִידִישֶׁע נֶעמֶען, „חַיִים" פַּאסְט נִיט. „יֶעפִּים" אִיז שֶׁענֶער, „יוֹנָה" אִיז נִיט גוּט, „יֶעוַואן" אִיז בֶּעסֶער. בַּייא אוּנְז אִיז בְּקַבָּלָה אַז אֵיינֶע פוּן דִיא זְכוּתִין וָואס אִידִין זַיינֶען הֶערוֹיס פוּן מִצְרַיִם אִיז וָואס זֵייא הָאבִּין נִיט פַאר עֶנְדֶערְט זֵייעֶרֶע נֶעמֶען, שֶׁלֹּא הָיוּ קוֹרְאִין לִרְאוּבֵן רוּפִים (מדרש רבה). וָואס האט השי"ת גִיטָאהְן הָאט עֶר גִיגֶעבִּין בְּלֵב מְלָכִים וְשָׂרִים אַז מִיא זָאל דָאס זַאפְּרֶעשְׁצַאיֶען, רוּפְט מֶען דִיר „חַיִים", טוּא בְּלַייבּ „חַיִים". אִיךְ הָאבּ אַ מָאל גִיהֶערְט פוּן ר' וָואלְף דֶעם ווִילְנֶער שְׁטָאט מַגִיד זצ"ל, אַז דִיא זַאךְ וָואס אִידִין דַארְפִין אַלֵיין טָאהְן, נָאר זֵייא טוּהֶען דָאס נִיט, גִיט גָאט ב"ה אַריין דִיא זַאךְ בְּלֵב הַמֶלֶךְ וְהַשָּׂרִים, אוּנ זֵייא טוּהֶען דֶעם רָצוֹן הַבּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא.

אִיךְ וֶועל דָאס אַייךְ בֶּעוַוייזֶען, אַז דִיא זַאךְ אִיז רִיכְטִיג, אִידִין טָארִין נִיט הַאנְדְלֶען מִיט דִיא כְּלֵי קוֹדֶשׁ אֲשֶׁר לִשְׁאָר הָאוּמוֹת, הַיינוּ דִיא סְפָרִים, דִיא צְלָמִים וּכְדוֹמֶה (יו"ד קל"ט), אָבֶער אִידִין הָאבִּין נִיט גִיפָאלְגְט, אִיז אַרוֹיס אוֹיף דֶעם אַ אוּקַאז פוּן פְּרַאווִיטֶעלְסְטְווָא, פוּן סְווָעטֵייְשִׁי סִינָאד. אִידִין הָאבִּין גִידִינְט אִין אַקְצִיז, הָאבִּין אָן גִיפַאנְגֶען מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין, טְרֵיפָה צוּ עֶסִין, הָאט השי"ת גִיגֶעבִּין בְּלֵב הַשָּׂרִים, מִיהָאט זֵייא אַלֶעמֶען אַרוֹיס גִיָאגְט. נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכִין קֶען אִיךְ אַייךְ וַוייזִין טוֹיזֶענְדֶער פְּרֶעדְמֶעטִין, עֶס אִיז גִיוָוארִין פִּיל אִידִישֶׁע אַפְּטֵייקִין, אוּנ דָאס מֶערְסְטֶע טֵייל הִיטִין נִיט קֵיין אִידִישִׁין רֶעלִיגְיָאן, אִיז וַוייטֶער גִיוָוארִין אַ אוּקַאז אַז מֶען זָאל אִידִישֶׁע קִינְדֶער מֶער נִיט צוּ לָאזִין, דָאס אִיז נִיט מֶער וַוייל דִיא שָׂרֵי הַמֶמְשָׁלָה זַיינֶען פוּן דֶעם בּוֹרֵא דִיא שְׁלוּחִים. אַיי בְּרִידֶער אֶפְשַׁר וֶועט אִיהר זָאגִין עֶס אִיז נִישְׁט אַזוֹי, וָואס דֶען עֶס אִיז אַ מִקְרֶה. אוֹיף דֶעם הָאט שׁוֹין דִיא תּוֹרָה גִיזָאגְט אִין פ' בְּחֻקוֹתַי ואם תלכי עמי קרי וגו' והלכתי אף אני עמכם בקרי, דָאס הֵייסְט וֶוען אִיהר וֶועט זָאגִין עֶס אִיז אַזוֹי אַ צַייט אַ סְלוּצְשַׁיי, וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ מַאכֶען אָפְּטֶער אַזֶעלְכֶע סְלוּצְשַׁייעֶס. מִיר זֶעהֶען בעו"ה תּוֹרַת מֹשֶׁה

מיט

מִיט זַיין תּוֹכָחָה וֶוערְט אוֹיף אוּנְז מְקוּיָם. אִיךְ בֶּעט אַייךְ הָאט אוֹיף מִיר נִיט פַארְאִיבִּיל, אִיהר זַייט דָאךְ דִיא חֲכָמִים, זָאגְט מִיר פוּן וַואנֶען הָאבִּין זִיךְ דָאס דִיא קָאזָאנֶע רַבָּנִים גֶענוּמֶען דֶעם הֶתֵּר אָן צוּ טָאהן זִיךְ אִין שׁוּל אִין עֶוַואנְגֶעלִישֶׁע רַאסֶעס?

צוּ לֶעצְט לָאמִיר זִיךְ דִיא זַאךְ גוּט עֶרְקְלֶערִין. מִיר וִוילִין זִיךְ פַאר גְלַייכֶען צוּ אַנְדֶערֶע, עֶס אִיז דָאךְ עֶפֶּעס בַּייא אוּנְז דָא אַ תּוֹרָה, דָאס וָואס זַייא מֶעגִין אוּנ דַארְפֶען אָבֶּער מִיר טָארִין נִיט, צב"ש בַּייא אוּנְז הָאט גֶעמוּזְט דֶער כֹּהֵן דַוְקָא זַיין פוּן זֶרַע אַהֲרֹן. זַייא דַארְפֶען דָאס נִיט. בַּייא אוּנְז הָאט דֶער כֹּהֵן גֶעדַארְפְט גֵיין אִין אַפָּארְמֶע, אַכֹּהֵן הֶדְיוֹט אִין 4 בִּגְדֵי כְהוּנָּה אוּנ אַכֹּהֵן גָדוֹל אִין שְׁמוֹנָה בְּגָדִים וְויא אִין דֶער תּוֹרָה אִיז גִישְׁרִיבֶּען דָאס אִיז גִיוֶוען דֶער קָאסְטְיוּם פוּן כֹּהֵן. מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אִיז נִיט גִיוֶוען קֵיין כֹּהֵן הָאט עֶר קֵיין פָּארְמֶע גֶעהַאט, עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען וְויא אַלֶע מִיט אַ טַלִית אֲשֶׁר תכסה בה וָואס מִידֶעקְט זִיךְ אַרִיבֶּער, וְויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה (דברים כ"ב) גדילים תעשה לך על ארבע כנפות כסותך אשר תכסה בה, דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צִיצִית אוֹיף דִיא פִיר כַּנְפוֹת פוּן דַיין קְלֵייד וֶועלְכֶע דוּא דֶעקְסְט זִיךְ צוּא, אָבֶּער אַרַאסֶע אָדֶער אַשַׁארְף מִיט צִיצִית אוֹפִּין הַאלְז שְׁטֵייט גָאר נִיט. הַיינְט וָואס אִיז דָאס וָואס דֶער קְרוֹינְס רַב מִיט דִיא שַׁמָּשִׁים טוּהֶען זִיךְ אָן אִין רַאסֶעס? פַאר דֶעם קְרִיסְטְלִיכִין כֹּהֵן אִיז דָאס רֶעכְט אוּנ אוֹיךְ פַאר דִיא פַאסְלוּשְׁנִיקֶעס וָואס לֶערְנֶען זִיךְ צוּ זַיין כֹּהֲנִים, מַחֲמַת פִיל טַעֲמִים, עֶרְשְׁטִינְס אִיז דָאס זַיין קְלֵייד אִין קִירְכֶע אוּנ אוֹיף דֶער שְׁטְרַאסֶע אוּנ צוּ הוֹיז, דָאס אִיז אַבַּאוַויז אַז עֶר אִיז נִיט גְלַייךְ צוּא אַלֶע אוּנ מִיא זָאל פַאר אִיהם דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען. וְוידֶער עֶר אַלֵיין זָאל זִיךְ נִיט פַאר גֶעסִין, דָאס עֶר פַארְנֶעמְט אַ הֵיילִיגִין פָּאסְט, זָאל עֶר זִיךְ אוֹיךְ פִירִין אַנְדֶערְשׁ וְויא דֶער פָּאלְק, הָאט דָאס אַיין זִין. אָבֶּער צב"ש בַּייא אוּנְז אִיז דָאךְ דֶער קָאזָאנֶער רָב נִיט מֶערֶער וְויא אַ צִינָאוְונִיק וָואס פִיהרְט סִפְרֵי חַיִּים וּמֵתִים, וֶוען עֶס קוּמְט עֶט וָואס אַ שַׁאֲלָה אָדֶער אַדִין, וֵויס עֶר גָאר נִיט, אוּנ מֶען פֶערְלָאזְט זִיךְ גָאר נִיט אוֹיף אִיהְם, צוּם סוֹף עֶרְלוֹיבְּט עֶר זִיךְ אָן צוּ טָאהֶן וְויא אַקְרִיסְטְלִיכֶער גַייסְטְלִיכֶער, אוּנ דִיא שַׁמָּשִׁים וֶועלְכֶע דָאס מֶערְסְטֶע טֵייל פוּן זֵיי זַיינֶען שׁוּסְטֶער טוּט מֶען אוֹיךְ אָן וְויא דִיא פַאסְלוּשְׁנִיקֶעס מִיט קְלוּבֶּעקֶעס, מִיט רַאסֶעס, דָאס אִיז דָאךְ נָאךְ גִישְׁפָּאט, מֶער נִיט, וָוארוּם גְלַייךְ וְויא מֶען עֶנְדֶערְט דִיא תְּפִילוֹת טוּהֶען זַייא דָאךְ דִיא רַאסֶעס אוֹיס. אוּנ גַייֶען אַוֶועק אִין טְרַאקְטִיר אוּם שַׁבָּת. אִין דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע קִירְכֶען הָאבִּין דִיא זִינְגֶער אוֹיךְ אַפָּארְמֶע, אָבֶּער נוּר אַפָּארְמֶע פוּן זִינְגֶער

ניט דיא אונפארעם פון דיא גייסטליכע. וואס טוהט זיך מיט אונז טייערע ברידער? מיר זיינען פראסט משוגע ממראה עינינו.

היינט טייערע ברידער וועט איר זיך אפשר פאר ענטפערין מיט דעם: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו“. ד. ה. איך קען זאגין מען זאל זיך פירין וויא אידין ווייל איך בין ניט קיין דאקטער. ניט קיין יוריסט, קיין אינזשינער א. ז. וו., לאמיר ווייטער א קוק טאהן אין אונזערע כתבי קודש, מיר געפינען אין בראשית (מג לא) אז ווען יוסף האט זיך נאך ניט בעקאנט געמאכט מיט זיינע ברידער. האט ער זיי פריגלאשעט אויף מיטאג, האט מען פאר אים גידעקט א טיש בעזאנדער. פאר די ברידער בעזאנדער. אונ פאר די מצרים, וועלכע האבין ביא אים גיגעסין ווידער בעזאנדער, זאגט דער פסוק „כי לא יוכלון המצרים לאכול את העברים וגו׳“, הגם יוסף איז דאך גיוועזען א שני למלך, האבין דאך דיא מצריים אויף דעם ניט גיקוקט, ווייל נאך זייער רעליגיאן האט מען דאס ניט גיטארט עסין. דאס איז דאך אבעווייז אז יעדער מענטש בעדארף זיך מיט זיין רעליגיאן ניט שעמען. אפשר וועט איר זאגין ווייל דער גאנצער פאלק איז גיוועזען מצריים דעריבער האבין זייא דאס גיטאן, דער צייליך אונז ווייטער אונזערע כתבי קודש א מעשה מיט דניאל חנניה מישאל ועזריה, דאס זיינען גיוועזען אידישע סטודענטין, טשינאווניקעס אין חצר המלך פון גרויסין קיניג נבוכדנאצר מלך בבל, אונ דאך האבין זיי ניט גיגעסין קיין טריפה שפייזע אונ האבין נישט גיטרונקען קיין וויין פון זיינע, אונ זיינען אפ גיקומען מיט זרעונים. ד״ה באב, ארבעס, זעהט מען דאך אז דער גלויבין מוז זיין טייער אין אלע ארטין וואו מען זאל נאר זיין. זא איז דער פליכט פון יעדין ארינטליכן מענטשין פון וועלכין גלויבין עס איז. לסוף טוהען מיר אזעלכע דומהייטין, צב״ש וואס איך האב פריער גיזאגט, אונ נאך אזעלכע משוגעת׳ן. די פריצינע איז דער פון, ווייל ירבעם בן נבט האט פארפירט דיא אידין צו דינען זיינע עגלים אונ האט געמאכט כהנים ניט פון בני אהרן, אונ האבין גידינט צום עבודה זרה בעל, די כהני הבעל האבין גיהאט קליידער בעזונדערע צום סלוזבע. וויא מיר געפינען אין תנ״ך (מ״ב י׳ כ׳) ויאמר יהוא קדשו עצרה לבעל וגו׳ ויאמר לאשר על המלתחה הוצא לבוש לכל עובדי הבעל, איז יהוא האט אויס גיראטה דיא עובדי הבעל אבער דיא קליידער זיינען גיבליבין, האבין זיי (די רבנים מטעם מיט דיא שמשים) דאס גירשעט.

טאמער מיינט איר ברידער, אז ווען איר וועט זיך פירין וויא אנדערע נאראדין, וועט איר מיט דעם העלפין דעם כלל ישראל? האט שוין פאראויס גיזאגט דער נביא (יחזקאל כ׳) והעולה על רוחכם היו לא תהיה אשר אתם אומרים

נהיה

נהיה כגוים כמשפחות הארצות וגו׳ אם לא ביד חזקה וגו׳ אמלוך עליכם. ד.ה. אִיהְר װעט פִילַייכְט דֵיינְקֶען: מִיר װֶועלֶען זַיין אִידִין, אָבֶּער פִּירִין זִיךְ וִויא אַלֶע בַּאצְיָאנֶען, נֵיין, דָאס װעט נִיט זַיין! דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא זָאגְט: אַז עֶר װעט מִיט אַשְׁטַארְקֶע הַאנְט אוֹיף אוּנְז קִינִיגִין. הַיינְט בְּרִידֶער וָואס בֶּעדַארְפִין מִיר גִישְׁלָאגֶען װֶוערֶען, לָאמִיר בֶּעסֶער זִיךְ אַקֶער טָאהְן צוּא השי״ת, לָאמִיר לֶערְנֶען אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער גָאטְס תּוֹרָה, זָאלֶען זֵייא נִיט זַיין קֵיין בּוּרִים. דֶער נָבִיא זָאגְט (ירמי׳ ט׳) עַל מָה אָבְדָה הָאָרֶץ וגו׳? וַיֹּאמֶר ד׳ עַל עָזְבָם אֶת תּוֹרָתִי, זָאגְט אוֹיף דֶעם דֶער מֶדְרָשׁ רַבָּה אִין אֵיכָה דֶער פַאר וָואס מֶען הָאט נִיט גִיהַאלְטֶען קֵיין מְלַמְּדִים פַאר דִיא קִינְדֶער, מֶען הָאט נִיט גִיוָואלְט צָאלִין קֵיין שְׂכַר לִמּוּד פַאר אָרֶעמֶע קִינְדֶער אִיז דִיא פָאלְק צוּ שְׁטְרַאנְד גִינַאנְגֶען. יִרְמְיָה הַנָּבִיא זָאגְט וַוייטֶער (ט״ז י״א) וְאוֹתִי עָזָבוּ וְאֶת תּוֹרָתִי לֹא שָׁמָרוּ זָאגְט אוֹיף דֶעם רַב הוּנָא מִיט ר׳ יִרְמְיָה, הַלְוַאי אוֹתִי עָזָבוּ וְתוֹרָתִי שָׁמָרוּ, הַמָּאוֹר שֶׁבָּהּ הָיָה מַחֲזִירָם לְמוּטָב. דֶער זִינְן אִיז אַזוֹ, װֶוען מֶען לֶערִינְט קִינְדֶער דֶעם דַת מִיט דֶער תּוֹרָה, אִיז אֲפִילוּ אִין פַאל װֶוען דֶעם מֶענְשִׁין קוּמְט אוֹיס אַמָאל אַנוֹיט אַז עֶר לָאזְט אַוֶועק גָאט, ווַייל נִיט אַלֶע קֶענֶען בַּייאשְׁטֵיין בַּייא נִסְיוֹנוֹת. אִיז אֵין הקב״ה בא בטרוניא עם בריותיו, דָאס הֵייסְט קֵיין בִּלְבּוּלִים מַאכְט עֶר נִיט. אוּנ זַיין מִשְׁפָּט אִיז פִיל לַייכְטֶער פוּן דֶעם וָואס ווַארְפְט אַרָאפּ דִיא רֶעלִיגְיֶע מוּטְווִילִיג, אוּנ ווִידֶער עֶר ווֵייס לְכָל הַפְּחוֹת וָואס מֶען מָאג אוּנ וָואס מֶען טָאר נִיט, אִיז בְּעֵת עֶר גֵייט אַרוֹיס פוּן נוֹיט הִיט עֶר וָואס עֶר קֶען, אוּנ ווֵיינִיגְסְטִין װֶוען עֶר שְׁטַארְבְּט הַאלְטֶען דִי תּוֹרָה זַיינֶע קִינְדֶער. אָבֶער בעו״ה אַז מִיר לֶערְנֶען נִיט אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער גֵיין אִין דֶרֶךְ הַתּוֹרָה, זֵייא ווֵייסִין נִיט אֲפִילוּ וָואס כָּשֵׁר אוּנ וָואס טְרֵיף, וָואס װעט פוּן זֵייא װֶוערִין? (דניאל ח׳) וְתַשְׁלֵךְ אֱמֶת אַרְצָה וְאֵין אֱמֶת אֶלָּא תוֹרָה, ווִיא עֶס שְׁטֵייט אִין מִשְׁלֵי (כ״ג) אֱמֶת קְנֵה. ר׳ יְהוּדָה בֶּן פַּזִי זָאגְט זָנַח יִשְׂרָאֵל טוֹב (תשע ח׳). טוֹב אִיז תּוֹרָה, ווִיא דֶער פָּסוּק זָאגְט כִּי לֶקַח טוֹב נָתַתִּי לָכֶם (משלי ד׳), אוֹיֵב יִרְדְּפוּ, דֶען יָאגִין אוּנְז דִיא פַיינְדֶע. בֶּעסֶער לָאמִיר זִיךְ ווִידֶער קֶערִין צוּ השי״ת אוּנ אַוֶועק ווַארְפִין אוּנְזֶער פִירוּנְג, װעט השי״ת אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנוּת הָאבִּין וְיַטֶּה לֵב הַמַּלְכוּת וְשָׂרָיו עָלֵינוּ לְטוֹבָה כְּאַוַּת נֶפֶשׁ יְדִידְכֶם.

~~~~~~~~

יֶעצְט װֶועל אִיךְ אַייךְ שְׁרַייבִּין אַקְלֵיינֶעם רִיצֶעפְּט׳, װֶוער עֶס װעט נֶעמֶען דֶעם רִיצֶעפְּט װעט השי״ת אִיהְם גִיווִיס שִׁיקִין אַרְפוּאָה שְׁלֵמָה לְגוּף וָנֶפֶשׁ, דֶער וָואס ווִיל נִיט פָאלְגִין ווִיא עֶר ווִיל זִיךְ, אִיךְ הָאבּ מַיינֶע פְלִיכְטִין פַאר לֵייפִּיג גִיטָאהְן אוּנ יֶעצְט װֶוער עֶס הָאט עֶטְווָאס אַיין צוּ ווַייזִין זָאל אַיין ווַייזִין, אִיךְ

וועל
~~~~~~~~

וָועל דֶער פַאר־קִיין פַּארִיבִּיל נִיט הָאבִּין, אונ אויך וֶוען אֲפִילוּ יָע, אִיז דָאךְ דָאס גַאנְץ רֶעכְט אוּם מֶען זָאל קוּמֶען צוּם אֶמֶת •

א יֶעדֶער אִיד אִיז מְחוּיָב חֲתוּנָה צוּ הָאבִּין אוּם צוּ הָאבִּין קִינְדֶער אונ דֶער וָואס הָאט נִיט חֲתוּנָה, ווייל עֶר יָאגְט זִיךְ נָאךְ גֶעלְט, אִיז עֶר עוֹבֵר אויף דֶער מִצְוָה יֶעדִין טָאג, עֶר דַארְף זֶעהְן אַז זַיין פְּרוֹי זָאל זִיךְ פִירִין כְּדַת הַיַהֲדוּת • אונ וָואס אִיז דָאס דַת הַיַהֲדוּת? וֵוייסֶען אַלֶע, עֶר טָאר מִיט אִיהְר נִיט לֶעבִּין וֶוען מֶען טָאר נִיט, הַגַם לִיב צוּ הָאבִּין אַווייבּ אִיז אַגְרוֹיסֶע מִצְוָה, אָבֶּער וֶוען מֶען טָאר נִיט אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה, אונ דֶער חֵטְא אִיז כָּרֵת, הַשִׁי"ת אַלֵיין מַאכְט אַפֵּרוּד, עֶר גֶעמְט צוּ דִיא ווייבּ אָדֶער דֶעם מַאן ר"ל •

ב זַייט מְקַיֵים דִיא תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה בְּשָׁכְבְּךְ וּבְקוּמֶךְ, דָאס אִיז קְרִיאַת שְׁמַע, צִיצִית, תְּפִילִין, מְזוּזָה. זָאגְט בְּרִידֶער אִיז דָאס נִיט אַשָׁאנְדֶע? בַּיי'ן גְרֶעסְטִין קְרִיסְטְלִיכֶען פְּרָאפֶּעסָאר בִּיז דֶעם לֶעצְטִין בּוֹיעֶר, אִיז דָא אַקְרֶייץ אויפִ'ין הֶערְצִין, אִין הויז אַבִּילְד וָואס בַּייא זֵייא הֵיילִיג אִיז (מִיר טָארִין דָאס נִיט), אָבֶּער צִיצִית אָדֶער אַמְזוּזָה וָואס קָאסְט דָאס? אונ גָאטֶעס תּוֹרָה זָאגְט „וכתבתם על מזוזות ביתך ובשעריך, למען ירבו ימיכם וימי בניכם", אַז פַאר דֶעם זְכוּת פוּן דִיא מִצְוָה „מְזוּזָה" הָאט מֶען לַאנְגֶע יָאהר מִיט דִיא קִינְדֶער, אונ ח"ו אַז מֶען אִיז נִיט מְקַיֵים דִיא מִצְוָה אִיז קִיצוּר יָמִים (יורה דעה קפ"ה) •

ג דִיא מְזוּזָה בַּאדַארְף זַיין אַרַיין גִילֵייגְט אִין אַשֵׁיידֶעלֶע אונ צוּ שְׁלָאגִין אִיהְר אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּן אַרַיין גֵיין, אונגֶעפֶּער אַדְרִיטֶעל הויךְ פוּן אוֹיבִּין •

ד מֶען בַּאדַארְף נָאךְ זֶעהְן, אַז מֶען זָאל נִיט אָן שְׁלָאגִין פַאר קֶערְט נָאר וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען, ד. ה. אַז דִיא וֶוערְטֶער פוּן שְׁמַע יִשְׂרָאֵל זָאלִין זַיין הֶערוֹיף פוּן אוֹיבִּין •

ה אונ אַז מֶען לֵייגְט צוּנוֹיף דִיא מְזוּזָה אויף הֶערַיין צוּ לֵייגִין צוּם צוּשְׁלָאגִין זָאל זַיין שְׁמַע יִשְׂרָאֵל צוּם דְרוֹיסִין, נִיט צוּ אִינְוֶוייניג, אַז וֶוען מֶען וִויקֶלְט זִיא אָפּ, זָאל מֶען קֶענֶען גְלַייךְ זֶעהְן „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל" • (לֶעז אִין „מַעֲשֶׂה אַלְפָּס" צְוֵוייטֶע טֵייל (זייטע 89) דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע הִיסְטָארְיֶע פוּן דֶעם אַרִיסְטָאקְרָאטִישֶׁען גְבִיר מִיט דִיא מְזוּזָה) •

ו דִיא מִצְוָה פוּן „כִּבּוּד אָב וָאֵם" אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס, דָאס אִיז אויךְ אֲרִיכוּת יָמִים, דָאס שְׁטֵייט אויךְ אִין דֶער תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה עֶטְלִיכֶע מָאל. צְוֵויי מָאל אִין עֲשֶׂרֶת הַדִבְּרוֹת. נָאךְ אֵיינִיגֶע מָאל אִיז גִיזָאגְט אַז פַאר פָאטֶער אונ מוּטֶער מוּז מֶען אויךְ מוֹרָא הָאבֶּען, אִישׁ אִמוֹ וְאָבִיו תִּירָאוּ בַּיי שַׁבָּת וּמִקְדָשׁ, לֶערְנֶען אָפּ אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אַז אַלֶעס מוּזִין קִינְדֶער פָאלְגִין אונ טָאהְן פוּן וֶועגִין דֶעם כָּבוֹד אונ מוֹרָא פוּן דִיא עֶלְטֶערִין, נָאר וֶוען עֶלְטֶערִין הֵייסִין מְחַלֵל

שַׁבָּת זַיין אָדֶער אַיין אַנְדֶער עֲבֵירָה, צב״ש עֶסִין טְרֵיפָה וִויא בעו״ה עֶס אִיז דָא זֵייעֶר פִיל, טָארִין דִיא קִינְדֶער נִיט פָאלְגִין דִיא עֶלְטֶערִין, וַוייל דָער בַּייא אִיז גִיזָאגְט אֲנִי ד׳, ד. ה. אַזוֹי הָאט השי״ת בֶּעפוֹילִין אוּנ דִיא עֶלְטֶערִין זַיינֶען אויךְ פַאר פְלִיכְטֶעט צוּ פָאלְגִין דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט ב״ה.

ז וַוייל עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִין דִיא מִצְוָה פוּן כִּבּוּד אָב וָאֵם עֶטְלִיכֶע מָאל אִין דֶער תּוֹרָה, הָאבֶּען דִיא חֲכָמֵינוּ ז״ל אַזוֹי עֶרְקְלֶערְט, אַז אֲפִילוּ וֶוען דִיא עֶלְטֶערִין זַיינֶען שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבִּין מוּז מֶען אויךְ זֵייא אָפּ גֶעבִּין כָּבוֹד. נוּא וָואס אִיז נָאךְ דֶעם טוֹיט כָּבוֹד? ד. ה. מִיזָאל דִיא עֶלְטֶערִין מְזַכֶּה זַיין מִיט מִצְוֹת פַאר זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת, וַוייל דִיא זֶעלֶע אִיז דָאךְ נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען. דֶערִיבֶּער הָאט מֶען מְתַקֵּן גִיוֶועזֶען פַאר יְתוֹמִים צוּ זָאגִין קַדִּישׁ נָאךְ תְּפִלָּה אָדֶער תּוֹרָה. אֵייגֶענְטְלִיךְ אִיז אִין קַדִּישׁ אֲפִילוּ אֵיין וָוארְט וֶועגִין דֶעם טוֹטִין נִיטָא, דָאס אִיז נִישְׁט מֶער וִויא אַגְרוֹיסֶער שְׁבַח אוּנ אַ תְּפִלָּה דֶער צוּא, מִיט אַ הוֹיכֶען זִינֶען. דִיא וָואס פַאר שְׁטֵייעֶן דִיא וֶוערְטֶער וַוייסִין אַז עֶס אִיז אַזוֹיא. אוּנ וַוייל דֶער שְׁבַח אִיז זֵייעֶר גְרוֹיס טָאר מֶען דָאס אָן אַ מִנְיָן נִיט זָאגִין, ד. ה. נִיט וֵוינִיגֶער וִויא צֶעהְן מֶענְשֶׁען. אִיז דָאךְ צוּלִיב דִיא מִצְוָה פוּן כִּבּוּד אָב הָאט מֶען עֶרְלוֹיבְט אַז דָאס זָאל זָאגִין דֶער יָתוֹם, אוּנ דֶער פְרוּמֶער אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְשׁ דַאוִוינְט נָאךְ פַאר דֶעם עַמּוּד, אוּנ לֶערִינְט אוּנ זָאגְט נָאךְ דֶעם ווִידֶער קַדִּישׁ. אוּנ אַזוֹי וִויא דִיא גְמָרָא הַקְּדוֹשָׁה זָאגְט משפט רשעים בגיהנם שנים עשר חודש, ד. ה. מֶען מִשְׁפָּט דִיא רְשָׁעִים אִין גֵיהִנָם צְווֶעלְף חֳדָשִׁים. אוּנ עֶס אִיז דָאךְ נִיטָא אֵיין מֶענְשׁ וֶועלְכֶער זָאל נִיט זִינְדִיגִין, אִיז דֶערִיבֶּער טוּהְט דֶער זָאהְן אִין דֶעם יָאהְר מצות, עֶר זָאגְט קַדִּישׁ, דֶער וַוייל גֵייט עֶר אִין שׁוּל אוּנ דַאוִוינְט תְּפִלָּה בְּצִבּוּר מִיט צִיצִית וּתְפִלִּין, אִיז עֶר מִיט דֶעם מְכַבֵּד זַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער נָאךְ דֶעם טוֹיט. עֶס גִיט נָאךְ פִיל מֶענְשִׁין וָואס לָאזִין אִיבֶּער זֵייעֶר קַאפִּיטַאל אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה, מִילֶערִינְט מִיט אָרֶעמֶע קִינְדֶער פַאר זֵייעֶרֶע גֶעלְט, אָדֶער זֵייא לָאזִין אוֹיף חֶבְרוֹת מִשְׁנָיוֹת וש״ס, הָאבִּין זֵיי נָאךְ דֶעם אַ זְכוּת פוּן דִיא תּוֹרָה נָאךְ זֵייעֶר שְׁטַארְבִּין, אָבֶּער וֶוען אַז עֶר הָאט לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט נִיט גִיהִיט דַּת משה וְיִשְׂרָאֵל, עֶס אִיז פַארִין לֶעבִּין אויךְ גִיוֶועזֶען טְרֵיפָה שְׁפַּייזֶע, אוּנ דִיא קִינְדֶער וַוייסִין נִיט פוּן אִידִישְׁקַייט. בעו״ה דִיא לֶעצְטֶע צַייט אִיז גִיוָוארֶען בַּייא אוּנְזֶערֶע אַרִיסְטָאקְרַאטִין מִיטוּט זִיךְ אָן אִין רַאסֶעס אוּנ מִיזִינְגְט, נִיט מִידַאוִוינְט, נִיט מִיזָאגְט קַדִּישׁ, מִיא מַאכְט עֶפֶּעס וְורָאדִי פַאנֶעהִידֶע, אִיז דָאס עֶפֶּעס אַזְכוּת פַאר דֶעם פָאטֶער, אָדֶער נִיט? אִיהְר זַייט דָאךְ גֶעבִּילְדֶעט, חֲכָמִים רַאסוּזְדַאיֶעט. עֶס אִיז גֶענוּג צוּא רֵיידִין... שׁוּבוּ שׁוּבוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל, דִי תְּשׁוּבָה אִיז נִיט קַיין שְׁוֶוערֶע, חֲרָטָה

האבין

הָאבִּין אויף דִיא אַלְטֶע, נִיט טָאהְן דִיא וֶועלְכֶע נַארִישְׁקַייט, וּלְשָׁבֵי פֶשַׁע בְּיַעֲקֹב וּבָא לְצִיּוֹן גּוֹאֵל בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן.

זַייט דַאנְקְבַּאר דִיא מֶמְשָׁלָה, דֶער פַּאר וָואס זִיא הָאט אַייךְ גִיגֶעבִּין שׁוּלִין צוּא בִּילְדֶען, וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין מִשְׁלֵי (כ״ד) יְרָא אֶת ד׳ בְּנִי וָמֶלֶךְ עִם שׁוֹנִים אַל תִּתְעָרָב. בֶּעדַאנְקְט דִיא חֶבְרָה מְפִיצֵי הַשְׂכָּלָה, וָואס זַייא הָאבִּין פִּיל מִיהֶע גֶעהַאט אוּנ פִּיל גֶעלְד גִיקָאסְט, זַייא הָאבִּין גֶעבַּאךְ גִירֶעכִינְט צוּא הָאבִּין פוּן אַייךְ כָּבוֹד, אָבֶּער אָךְ אוּנ וִויא וָואס פַאר כָּבוֹד זַייא הָאבִּין פוּן דָאס מֶערְסְטֶע טֵייל גֶעהַאט. אִיךְ גִיב אַ עֵצָה אַז עֶס זָאל אוּיף אַייךְ מְקוּיָם וֶוערִין וִויא שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גִיזָאגְט אִין מִשְׁלֵי (כ״ג) אִיהְר טוּט גוּטֶע מַעֲשִׂים אוּנ הַאלְט זִיךְ שְׁטַארְק בַּיין גְלוֹיבִּין מִיט דֶער תּוֹרָה, וֶועט זַיין יִשְׂמַח אָבִיךְ וְאִמֶּךָ וְתָגֵל יוֹלַדְתֶּךָ, דָאס מֵיינְט מֶען עֶלְטֶערִין אוּנ דִיא וָואס הָאבִּין גֶעהָאלְפֶען אַייךְ צוּ עֶרְצִיהֶען וֶועלִין הָאבִּין פִּיל פְרֵייד. דֶער פַאר וֶועט אִיהְר נַחַת הָאבִּין פוּן אַייעֶרֶע קִינְדֶער, וְיַטֶּה לֵב הַמַּלְכוּת וְשָׂרָיו עָלֵינוּ לְטוֹבָה בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן.

---

## ז.

## צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אַנְשֵׁי הַצָּבָא הַזְּקֵנִים.

לִיבֶּע טְרַייֶע בְּרִידֶער, מִיר זַיינֶען דָאךְ גַאנְץ אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע שׁוֹין 45 יָאהְר, אוּנ אִיר הָאט לִיבּ דֶעם אֱמֶת. אֱמֶת רוּפְט מֶען דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה, וִויא מִיר מַאבִין אַבְּרָכָה אוּיף אוּנְזֶער תּוֹרָה „אֲשֶׁר נָתַן לָנוּ תּוֹרַת אֱמֶת"; דֶערִיבֶּער קֶענֶען מִיר רֵיידִין דִיא זַאךְ בְּלִי מַשּׂוֹא פָּנִים, דָאס הֵייסְט אָן חֲנִיפָה. אוּנְזֶער תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה דֶער צֵיילְט אוּנְז הִיסְטָארְיֶעס וֶועלְכֶע אַלֶע נַאצְיָאנֶען גְלוֹיבִּין דָאס, צב״ש מִיר וֵוייסִין גַאנְץ גוּט אַז הַשי״ת וֵוייס אַלֶעס וָואס עֶס אִיז גִיוֶוען אוּנ וָואס עֶס וֶועט זַיין, דָאךְ גִיפִינֶען מִיר אִין הֵיילִיגִין מֶדְרַשׁ אַז בְּשַׁעַת נָאט ב״ה הָאט בַּאשַׁאפֶען דֶעם מֶענְטְשִׁין, הָאבִּין דִיא מַלְאָכִים גִיזָאגְט אַז מֶען זָאל אִיהְם בֶּעסֶער נִישְׁט בַּאשַׁאפִין, מָה אֱנוֹשׁ כִּי תִזְכְּרֶנוּ וּבֶן אָדָם כִּי תִפְקְדֶנוּ? הָאט זַייא דֶער רבש״ע גִיעֶנְטְפֶערְט, דֶער כֹּחַ פוּן מֶענְשִׁין אִיז גְרֶעסֶער פוּן מַלְאָכִים, אוּנ הָאט דָאס זֵיי בַּאוִויזִין. אוּנ וִויא מִיר גְלוֹיבֶּען דָאךְ אִין מַאֲמָרֵי חז״ל אִיז דָאס וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק וַיִּרְאוּ בְּנֵי הָאֱלֹהִים אֶת בְּנוֹת הָאָדָם כִּי טוֹבוֹת הֵנָּה, זַיינֶען דָאס גִיוֶוען מַלְאָכִים, אוּנ לְסוֹף הָאבֶּען זַייא אַזוֹי פִּיל גִיזִינְדִיגְט, אַז דוּרְךְ זַייא אִיז גִיוָוארִין אַ מַבּוּל, אָבֶּער נֹחַ אִיז נִיט גִיוֶוען קֵיין מַלְאָךְ, אוּנ הָאט נִיט גִיקוּקְט אוּיף דִי בְּנֵי אֱלֹהִים (פַארְשַׁיינְלִיךְ זַיינֶען זַייא דָאךְ

גיווען

גִיוֶועןֿ אַרִיסְטָאקְרַאטֶען) אִיז עֶר טַאקֶע נִצוֹל גִיוָואָרֶען, אוּנ דוּרְךְ אִיהם אִיז דִיא וֶועלְט גִיבּוֹט גִיוָואָרֶען, וַוייל עֶר אִיז גִיוֶועןֿ אַ צַדִיק • דֶער נָאךְ גִיפִינֶען מִיר אַז אוּנְזֶער זֵיידֶע אַבְרָהָם הָאט אָן גִיפַאנְגֶען צוּ זָאגִין רֶעדֶעס וֶועגִין דִיא עוֹבְדֵי אֱלִילִים, דָאס הֵייסְט דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין פֶערְשִׁידֶענֶע קְרֶעפְטֶען (צב"ש דֶער גָאט וָואס גִיט גֶעלְט, אִיז אַבֶּעזוּנְדֶער גָאט, דֶער וָואס שְׁטְרָאפְט אִיז אַבֶּעזוּנְדֶער גָאט), הָאט מֶען אִיהם פַאר מַסֶר'ת בַּייא נִמְרוֹד, אוּנ מֶען הָאט אִיהם אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען אִין פַייעֶר אוּנ עֶר אִיז נִצוֹל גֶעוָוארֶען, דַאכְט זִיךְ הָאט שׁוֹין גָאט גֶענוּג גִיזֶעהְן אַז עֶר גְלוֹיבְּט אִין אִיהְם, דָאךְ הָאט עֶר אִיהְם בִּיז 10 מָאל גִיפְּרוּבִּירְט • וֶועגִין דִיא צֶעהְן נִסְיוֹנוֹת הָאבּ אִיךְ מִיט אַייךְ נִיט וָואס צוּ רֵיידִין, אִיהְר זַיינְט אַלֶע עֶרְלִיכֶע אִידִין וָואס אִיהְר זָאגְט פֶּרֶק (בעשרה מאמרות פרק ה'). צוּלִיבּ וָואס הָאט עֶר גִיפְּרוּבִּירְט וִויא בַּאלְד עֶר הָאט דָאךְ גִיוואוּסְט? אִיז דֶער תִּירוּץ, צוּ וַוייזִין פַאר דֶער וֶועלְט אוּם מִיר זָאלִין זִיךְ פוּן אִיהְם לֶערְנֶען •

אִין דֶעם וָואס מֶען הָאט אַייךְ אָפּ גִיגֶעבִּין אַמָאל קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אִיז דִיא מֶמְשָׁלָה נִיט שׁוּלְדִיג גִיוֶועןֿ, וַוייל דִיא מֶמְשָׁלָה הָאט גָאר גֶעוָואלְט פוּן אוּנְז נֶעמֶען סָאלְדַטִין, אוּם אַנְעֶרְקֶענֶען אוּנְז פַאר בִּירְגֶער אִין דֶער לַאנְד • אבותינו חטאו ואינם וגו' אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין הָאבִּין גִיזִינְדִיגְט אָבֶּער זֵייא זַיינֶען שׁוֹין נִיטָא, דָאךְ אַז אִיהְר זַיינְט שׁוֹין גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע דָאס הֵייסְט סָאוֶוערְשֶׁענֶע לֶיעט, אוּנ אִיהְר זַיינְט אָן גֶעקוּמֶען אוֹיף דֵייסְטְווִיטֶעלְנֶע סְלוּזְשְׁבֶּע, אָדֶער דִי וָואס זַיינֶען גֶעוֶועןֿ אִין דִיא שְׁטֶעט, הָאט דֶער קֵיסַר עה"ש אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען אַ אוּקַז אַז אוֹיף יו"ט זָאל מֶען אַלֶעמֶען פְרַיי לָאזִין • דִיא וֶועלְכֶע עֶס דִינֶען נִיט אִין סְטְרָאי, ד. ה. וָואיֶענֶע רַאבָּאטֶע הָאבִּין פְרַייא שַׁבָּת צוּ הַאלְטִין, אוּנ דֶער פַאר זָאל מֶען אָפּ אַרְבֶּעטִין זוּנְטִיג • דִיא וֶועלְכֶע עֶס ווִילִין נִיט עֶסִין דִיא אָבְּשְׁצֶע עֶסִין, וַוייל דָאס אִיז פִילַייכְט גֶעגִין זֵייעֶר רֶעלִיגְיָאן, (וַוייל עֶס הָאט זִיךְ ווִירְקְלִיךְ גֶעפוּנֶען צְווִישִׁין אַייךְ אַזֶעלְכֶע וָואס זַיינֶען אָפּ גֶעקָאמֶען מִיט הוּילֶע בְּרוֹיט מִיט קְוַאס) זָאל מֶען אָפּ גֶעבִּין דִיא אִידֶעשֶׁע סָאלְדַאטִין דִיא פְּרִיוָוַיאנְט מִיט פְּרִיוַוארְשְׁנֶע גֶעלְט אוֹיפִין הַאנְט, אוּנ עֶר קֶען טָאהְן וָואס עֶר ווִיל • דֶער נָאךְ וַוייטֶער הָאט אִיהְר אָן גֶעפַאנְגֶען צוּ בֶּעטִין דִיא שָׂרֵי הַמֶמְשָׁלָה, אַזוֹי ווִיא אִיהְר זַיינְט אִידִין אוּנ אִיהְר ווִילְט אוֹיךְ בֶּעטִין גָאט פַאר בֵּית אֲדוֹנֵינוּ הַקֵיסַר, אוּנ פַאר שְׁלוֹם הַמְדִינָה, אוּנ ווִיא אִידִין זַיינֶען דָאךְ עֲבָדִים נֶאֱמָנִים לְמַלְכֵּנוּ, הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען פַאר אַייךְ אִין קַאזָאנֶע זְדַאנֶעס שׁוּלִין אִין יֶעדֶער ווְיֶעדָאמְסְטְוָוא, אַפְּלָאטְסְקֶע שׁוּל אִיז גֶעוֶועןֿ אִין קְרוּקָאווְסְקֶע קַאזַארְמֶעס, אִין אִינְשְׁזֶענֶערְנֶע ווְיֶעדָאמְסְטְוָוא, אִין פָאלִיצֵייסְקֶע

יגיעדאמסטווא

זוועדאמסטווא, אין וואיענע ראבאצע, אין ארחיציעווסקע, פאר דיא קליינע קינדער אונ פאר דיא גרויסע ·

היינט ווידער האט מען גיהייסין אייך זעלבסט אוים צו קלייבין פון זיך וועלכער עס איז קליגער אונ וויים מערער פון אידישקייט, פאר איין איספראוולאיושצי דאלזשנאסט ראבבין, אונ מען האט בעפרייט פון אייך שמשים אין דיא שולין, זעהט מען דאך ווייטער אז דיא ממשלה הרוממה האט געוואלט אז איהר זאלט האלטין אידישקייט וויא גיהעריג איז, אונ השי"ת האט נעגעבין אין זייערע הערצער אז זייא זאלען אייך העלפין · ווייטער אין יעדער שול איז געווען א מלמד פאר דיא ארעמע קינדער, האט איהר מיט אייערע קאפיקעס געצאלט אויף ת"ת · ווען עס איז געקאמען אורחים צוא אייך אין דיא שולין האבין אייך גיהאלפין · אין דיא באלניצעס פאר דיא קראנקע האט זיך ווידער געפונען פון אונזערע ברידער, ד· ה· אידישע סאלדאטין וואס האבין ווירקליך פון מצוה וועגין געקליבין אונ געקאכט כשרה עסין אונ געטראגען זייא · אייערע קינדער דאס הייסט דיא עלטערע האט מען געלערנט אידיש פראסט אן צערעמאנעס, אונ זייא זיינען ביז היינטיגין טאג גאנץ ערליכע אידין ·

טוהט א קוק וואס איז אין דיא לעצטע יאהרין געווארען, דאכט זיך עס האט בעדארפט ווערין בעסער, מען האט ערלויבט אייך מיט אייערע קינדער צוא וואוינען אין גאנץ רוסלאנד, טאהן וואס איר ווילט, האנדלען מיט אלעס (אפילו מיט בראנפין איז פון אנפאנג אויך געווען ערלויבט), אונ געלויבט השי"ת עס איז שוין דא פון אייך גרויסע נגידים · אין הקב"ה מקפח שכר כל בריה, צו לעצט וואס איז געווארען פון אייערע תלמוד תורה'ס? פון אייערע קינדער? איך זאג אייך אז ח"ו ניט אלע בעהיטע גאט, איהר זיינט דאס מערסטע מהייל יראים ושלמים · דיא ת"ת האט מען דאך ניט פאר מאכט, אויף וועמען קוקט איהר? וואס ווארט איהר? איהר פאר געסט ניט אז עס גייען הערום קינדער גאר ניט געלערנט · אונ וועלין דאך גאר ניט ווייסין וואס זייא זיינען · בעונותינו הרבים איז אין דער איינציגער שול ווערט אויך גאנץ ווייניג געלערנט *) ·



*) עס איז דא (אין פט"ב) פאראן א תלמוד תורה וועלכע דיא חברה „מפיצי השכלה" האט איבער גינומען אויף איהר רעכענונג; אונ זייא האבען אויך אוים גיבויט זייער א שיינע אונ א גרויססע איזדאניע, דער צו נאך „ארעמעסלענע שקאלע" אין וועלכע עס ווערט גילערינט פערשיעדענע ארבייט, ד"ה שניצונג אונ אויך סלעסארנע מעחאנישעסקע, די שקאלע קאסט

הַיינְט לָאמִיר אַקוּק טָאהְן אוֹיף אַייֶערֶע, אָדֶער פְּרָאסְט גֶעזָאנְט אוֹיף אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, שַׁבָּת אִיז נִיט שַׁבָּת, מֶען לִיגְט נָאר אִין טְרַאקְטִיר, בַּיין בילִיארד

---

פיל טייזענדער! יעצט לאמיר זעהן וויא גייט דאס דארט צוא? הגם די שקאלע די נייע איז שוין 6 יאהר נאר פארלויפיג האבין מיר נאר דאס גיזעהן! אז די תלמידים פון דארט ווייסין פון דת היהדות אקוראט וויא דיא קוא פון זונטיג! דאכט זיך אין אזוי א שקאלע האט מען גיקענט איין פירין, אז עס זאל גידאווינט ווערין. אונ מאקע די לעהרער אויך יעדין טאג אונ אפילו מנחה ומעריב, אונ אויך אויס לערנען די תלמידים מעביר זיין די סדרה, אונ אפילו אויס לערנען איניגע פיר בעלי קריאה׳ס, צוא דאווענען פיר דעם עמוד ניט גראדע אין דער וואכין, אפילו שבת ווירט אויך. ליידער אבער איז דאס ניטא, עס ווערט דארטין ניט גידאווינט; הגם זינגען לערינט מען זייא אבער ניט דאווענען. (שלמה המע״ה אמר לשמוע אל „הרנה״ ואל „התפלה״ ופירשו הכמינו ז״ל (ברכות ו׳) במקום „רנה״ שם תהא „תפלה״ והם החזיקו „ברנה״ ועזבו את „התפלה״)

דיא קליינע קלאסין פאנגט אן דאס מארגינס אום 9 אוהר גליך מיט דיא גרעסערע קלאסין. 10 אוהר לאזט מען זייא הערויס איפין הויף קערט מען דעם הויף איבער, מען שרייט מען וואָרפט מיט שטיינער אז עס איז א חלול השם דאס רופט זיך אן א פויזע, אונ אזוי איז בייא יעדער שטונדע איסער פון 12 ביז האלב איינס ווערט דיא ארעמע קינדער גיגעבין עסין. אבער מען זאל זעהן אז די קינדער זאלין זיך וואשין צום עסין אדער בענטשין דאס איז גאר קיין מארע ניט, האלב 2 ווערין זייא נאך הייזע גישיקט, איז די סקאנדאלין אויף דער שטראסע אזעלכע גרויסע, אז פאליצייע האט שוין איניגע מאל גיזאגט, אז זיא וועט מוזין ווען עס איז דאלאזען דעם גראדאנאצאלניק. פאר שטייט ליבע פריינד ווער איז דער בייא שולדיג? דאס איז, ווייל קיינער קימערט זיך ניט מיט א אמת, אז מען זאל דיא קינדער ערקלערין מוסר חדרך ארץ. נאר דאס ווילין מיר דער ווילע לאזין, ארום דעם ווילין מיר ריידען שפעטער. אידעשע ימים טובים ווערט ניט גילערינט, צארסקע טעג אונ דיא הייפט כריסטליכע פייערטאגין ווערט ניט גילערינט, פון ערשטין מאיי ביז 15 אווגוסט ווערט ניט גילערינט, דאס איז שוין „קאניקיל״ די קינדער טרייבין זיך הערום אין די גאסין איז ניט ווילענדיג ווערין זי פארדארבין אין די האראקטערין, היינט באַרעכענט וואס פאר א לערנען דארט קען שוין זיין? אז דיא עלטערין זיינען דאס מערסטע ארימע, וואס האבען זייער פיעל פאר זיך צוא טארגין וועגין חיונה, וואס פון דיא קינדער ווערט? אין דיא גרעסערע קלאסען ווערט געלערינט מיט 1½ שטונדין מעהר אבער אלעס ניט אידיש, אונ אויך ניט דער דת. מיר ווילין נאך מאכן אנדערע נאציאנען, אדרבא טוט נאך, נאר גוט אונ אויך א קראמנע. וויא איז אין יעדער קריסטליכער שוהל. איז דער גייסטליכער לערינט מיט דיא קינדער דעם רעליגיאן. דאס ווערט ניט אן גיטרויט דעם לעהרער אפילו וואס ער איז א ריכטיגער קריסט. אונ בייא אונז איז בעו״ה דיא לעהרער אפילו לאמיר זאגין יהודים, נאר אז די תלמידים זעהן זייא רויכערין און פאהרין שבת אונ דיא בערד גיגאלטע, אונ דאווענען ניט ואס-פיהר א רעליגיאן קען ער איבער געבען זיינע שילער? אז אפאטער פרעגט בייא א קינד: וואָרום טראגסטע שבת? אדער וואָרום דאווענסטו ניט? ענטפערט דער קינד: אז דער לעהרער מעג טראגין און רויכערין שבת אונ ניט דאווענען מעג איך געוויס. פאר וואס

זאל

בִּילְיַארְד, מֶען הוּלְטַאיֶעט, עֶס אִיז אַשַׁאנְדֶע בְּרִידֶער, עֶס אִיז אַשַׁאנְדֶע, אִיךְ זָויל נִיט אוּיס זָאגִין וַוייטֶער, אִיךְ ווִיל נִיט זָאגִין וָוער עֶס אִיז דֶער בַּייא שׁוּלְדִיג, אִיהְר מֶעגְט אַלֵיין פַאר שְׁטֵיין. אִיהְר קֶענְט זִיךְ הֶעלְפִין, נָאר אִיהְר הָאט זִיךְ אָפּ גִילָאזִין. השי״ת יְרַחֵם עָלֵינוּ וִיחַדֵשׁ כִּלְיוֹתֵינוּ לְעָבְדוֹ בֶּאֱמֶת, כְּאַוַּת נֶפֶשׁ אוֹהַבְכֶם. חִזְקוּ, חִזְקוּ וְאִמְצוּ לְבַבְכֶם וְקַוּוּ לה׳, אוּנ עֶר וֶועט אַייךְ אי״ה הֶעלְפִין א״ס.

## ח.

## אֶל אַחַי בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת.

אִיךְ זָאג אַייךְ אוֹיךְ דִיא זֶעלְבֶּע, אַז ח״ו דָאס וָואס אִיךְ שְׁרַייבּ אִיז דָאס נִיט וֶועגִין אַלֶע. דֶער מָאנְט זִיךְ בְּרִידֶער גָאט הָאט גִיגֶעבִּין בְּלֵב מַלְכֵּנוּ הֶחָסִיד אַלֶעכְּסַנְדֶר הַשֵּׁנִי עה״ש, אַז דִיא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת זָאל מֶען עֶרְלוֹיבִּין צוּ וואוֹינֶען אִין גַאנְץ רוּסְלַאנְד אוֹיף אוּסְלָאוֶעס, אַז זֵייא זָאלִין נִיט זַיין פָאר סוּד א. ז. וו., זֵייא הָאבִּין פַאר גֶעסִין, כִּי מְנַסֶּה ד׳ אֱלֹהֵיכֶם אֶתְכֶם וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין פַּרְשָׁה רְאֵה (י״ג) אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פְּרוּבִּירְט אוֹיס דֶעם אִידִין צוּ הָאט עֶר ווִירְקְלִיךְ לִיבּ גָאט ב״ה אוּנ צוּ גְלוֹיבְּט עֶר אִין השי״ת? נוּא בְּרִידֶער וָואס זֶעהְן מִיר יֶעצְט? אַחֵינוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הָאבִּין אָן גֶעפַאנְגֶען אָן גָאט ב״ה צוּ פַאר גֶעסִין. בֶּערֶעכִינְט זִיךְ גוּט, קֵיין שַׁבָּת הַאלְט מֶען נִיט, דַאוֶונֶען נִיט, קִינְדֶער לֶערְנֶען לֶערִינְט מֶען נִיט בעו״ה. וֶוען עֶס אִיז אַחֲתוּנָה אִיז אָן שְׁטָאט מְשַׂמֵּחַ חָתָן וְכַלָּה וָוערְט נָאר גֶעשְׁפִּילְט אִין קָארְטִין. מֶען מַאכְט וֶועצֶערִינְקֶעס, עֶס וֶוערְט געטאנצט

---

זאל ניט הערין גין דער רבינער אָדער דער מורה הוראה זעהן וואס ווערט מיט דיא קינדער גילערינט? וואס ווייסין זייא פון דת? אז עס ווערט גמאכט עקזאמען, פיר וואס זאל מען ניט פריגלאַשען איניגע בעלי בתים? אונ איך אפילו דיא אנדערע אידישע לעהרער, וואס לערנען אין בית היתומים אדער אין דיא גימענאזיומס וואס לערנען דאָרט דעם דת היהדות. אונ מען זאל זעהן אייב דיא לעהרער מיט דיא תלמידים פיהרין זיך ע״פ דת הישראלי? אונ אין דעם זיינט אירר ליבע ברידער אליין שולדיג! ווייל אירר שווייגט אונ קימערט זיך נים. פרעגט דיא קינדער אייב ווער ווייס ברכת התורה, אָדער ברכת המזון, אין יעדער קריסטליכער שוהל קען יעדער קינד זיין גיבעט, אונ פאר דעם לערנען אונ נאך דעם לערנען ווערט גיזאגט אַ תפלה! אונ בייא אונז איז דאך דאס ע״פ דין תורה, אבער ווערט דאס דען ערפילט, צו זאגין פאר דעם לערנען ״ברכת התורה״? אדער ווער קען דיא תפלה (ד״ה אפילו ברכת המזון) פון דיא תלמידים איסזיינג? באַקְעָס איז דָא זעלבע עס קענען, אבער ניט קיין תפלה.

גֶעטַאנְצְט, גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, נִיט מֶען וַואשְׁט זִיךְ, נִיט מֶען בֶּענְשְׁט, מֶען מַאכְט נָאךְ אִימֶענִיגֶעס, וְויא בַּייא קְרִיסְטִין. דֶער קְרִיסְט גֵייט דֶעם טָאג אִין קִירְכֶע גָאט בֶּעטִין, שְׁטֶעלְט אַ לִיכְט. וָואס טְהוּט אִיהְר? בְּרִידֶער הָאט נִיט פַאר אִיבִּיל וָואס אִיךְ זָאג אוֹיס פוּן חֵדֶר, דָאס אִיז דָאךְ נָאךְ קַיין הוּנְדֶערְטֶער טֵייל נִיט.

אִיהְר קֶענְט אַייךְ זָאגִין, אַגְרוֹיסֶער צַדִיק הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען, עֶר זָאגְט אוּנְז מוּסָר, אַפָּנִים מִיר קֶענֶען אִיהְם נִיט? זָאגִין קֶענְט אִיהְר, אָבֶּער אִיךְ וֶועל אַייךְ מֶערֶער זָאגִין, אַז אַייךְ הָאט השי״ת גֶעהָאלְפִין גִיב גָאט אַלֶעמֶען, אָבֶּער אִין פַאל וֶוען אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער הַאפְּט אַטְרֵייפִין רוּבְּל, אָדֶער פְּרָאסְט גֶעזָאגְט עֶר הַאנְדִילְט מִיט קָאנְטְרֶעבַּאנְד, אָדֶער עֶר מַאכְט בַּאנְקְרָאט, לַיידִין דָאךְ דוּרְךְ דֶעם דִיא גַאנְצֶע פָאלְק, מֶען זָאגְט נִיט יַעֲקֹב אָדֶער חַיִים, מֶען זָאגְט שְׁזִידִי! אָדֶער יֶעוְורַייאִי. פַאר שְׁטֵייט אִיהְר מִיר וְויא גְרוֹיס אִיז אוּנְזָערֶע עָרְבוּת, קְרוּגָאוָואִי פָּארוּקִי, הָאט יֶעדֶערֶער דִיא רֶעכְט צוּא זָאגִין זַיין מֵיינוּנְג *), (לעז דעם „מעשה אלפס“ 3-טע טייל (זייטע 71) ועסטו פֿארשטיין דעם איידעלען געדאנקען, פֿאר וואָס זיינען דאָס ישראל ערבים זה בזה ?).

אֵלִיָהוּ הַנָבִיא הָאט גִיזָאגְט (מלכים א יח) עַד מָתַי אַתֶּם פּוֹסְחִים עַל שְׁתֵּי הַסְעִיפִּים? אִם ד׳ הָאֱלֹהִים לְכוּ אַחֲרָיו וגו׳, בִּיז וְויא לַאנְג וֶועט אִיהְר הִינְקֶען אַפוּס אַרוּף אַפוּס אַרָאפּ? (אֶסְתֵּר תַּעֲנִית צוּם פַאסְטִין זַייט אִיר הָמָן׳ס צַד אוּנ פּוּרִים צוּ אַגְלֶעזִיל מַשְׁקֶה וֶוערְט אִיר מָרְדְכַי׳ס צַד) אִיהְר הִיט נִיט קַיין שַׁבָּת, אוּנ נִיט קַיין זוּנְטִיג, וָואס דֶען מַאסְלֶענִיצֶע, גוּלַאנֶעס דָאס יֶע. פַאסְטִין תִּשְׁעָה בְּאָב דָאס נִיט, אַ יָאלְקֶע דָאס יֶע **). אִיהְר לַאכְט דָאךְ נָאר אָפּ פוּן אַנְדֶערֶע נַאצְיֶעס. לֶערְנֶען דִיא קִינְדֶער דַת הַיַהֲדוּת דָאס נִיט. אִיז דֶער תִּירוּץ וַוייל אִיהְר הָאט זִיךְ אָן השי״ת פַאר גֶעסִין. הָאט אוּנְז אוֹיף דֶעם גֶעזָאגְט דָוִד הַמֶלֶךְ אִין תְּהִלִים (נ׳) בִּינוּ נא זאת שוכחי אלוה פן אטרוף ואין מציל, דָאס הֵייסְט פַאר שְׁטֵייט דִיא וָואס פַאר גֶעסִין אָן גָאט, טָאמֶער וֶועל אִיךְ דֶער לַאנְגֶען

אחאפ

*) אונזערע חכמים זאָגין אויף דעם אקלתען משל, אויף איין שיף איז איינער גיזעסין אין אַווינקיל אונ האָט געבויערט אַלאָך אין דעק, האָבין דיא שיפֿ׳ס׳לייט אָנגיהייבין צו שרייען „וואָס טוסטו דאָס? !״ —ענטפֿערט יענער, וואָס האָט דאָס צוא אייך? איך בויער דאָך נים אונטער אייך נור אונטער מיר אַליין — . דוא שוטה איינער! ענטפֿערין דיא שיפֿ׳ס לייט, אַז דיא וואַסער וועט אַרין גיין לעבין דיר, וועלין מיר דאָך אַלע דער טרונקען ווערין, נים נור דוא אַליין. דאָס גלייכען ווען איינער פֿון אידין פירט זיך נים ראַיעל הייסט דאָס, ער בויערט אַלאָך אין אידישע שיף, דורך אים ווערין באלייריגט דיא גאַנצע פֿאָלק.

**) דֶער וָועלְכֶער טוּהְט נָאךְ דִי זַאךְ אִין וָועלְכֶע עֶר גְלוֹיבְּט נִיט, אִיז דָאס אָפּ גִילַאכְט פוּן יֶענֶעם, וְויא אַיין אַקְטְיָאר לַאכְט אָפּ אוּנ מַאכְט נָאךְ יֶענֶעמְס תְּנוּעוֹת. אַזוֹי אִיז דָאס אוֹיךְ מִיט אַייךְ. נִיט חֲנוּכָּה לִיכְט. נִיט פּוּרִים. וָואס דָען יָאלְקֶעס, אִימֶענִינֶעס. מִיט קָארְטִין.

אַחאפּ אוּנ מֶען וֶועט פוּן מִיר נִיט אַוֶועק גֶעמֶען ׃ מִיט אֵיין מָאל וָואס עֶס קֶען וֶוערִין קֶענֶען מִיר גָאר נִיט ווִיסִין ׃ נָאר דָאס מוּזִין מִיר ווִיסִין, ווִיא דֶער תַּנָא זָאגְט אִין פִּרְקֵי אָבוֹת, הַכֹּל נָתוּן בְּעֵרָבוֹן, מִיר לִיגִין אַלֶע פַארְזֶעצְט אִין זַאלָאג מִיט אוּנְזֶערֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, מִיט אוּנְזֶער פַארְמֶעגִין, עֶר הָאט פוּן וַואנֶען צוּ גֶעמֶען, עֶר בְּרוֹיכְט קֵיין סוֹד, קֵיין פְּרִיסְטַאווּ, קֵיין צֵייגֶער ׃ פַאר שְׁטֵייט אוּנ בֶּעטְרַאכְט זִיךְ גוּט, וֶועט השי"ת אוֹיךְ גֶעבִּין בְּלֵב הַמֶלֶךְ וְהַשָׂרִים לַעֲשׂוֹת טוֹבוֹת עִמָנוּ וְעִם כָּל יִשְׂרָאֵל אָמֵן ׃ (עי' השמטה בסוף החוברת) ׃

---

# ט.

## דֶער צוּ גַאנְג אוֹיף חֲתוּנוֹת ׃

הַיינְט לָאמִיר דִיא בִּיסֶעדֶע עֶנְדִיגִין מִיט שִׂמְחוֹת, לָאמִיר אַקָארְשְׁט אַקוּק טָאהְן וָואס טוּהְט זִיךְ יֶעצְט מִיט חֲתוּנוֹת ׃ מִיר מַאֲמִינִים זָאגִין אַלֶע פְּרִיא מָארְגִין אִין אוּנְזֶער גִיבֶּעט אַ מִשְׁנָה אִין פֵּאָה, אֵלוּ דְבָרִים שֶׁאָדָם אוֹכֵל פֵּירוֹתֵיהֶם בָּעוֹלָם הַזֶה וְהַקֶרֶן קַיֶמֶת לְעוֹלָם הַבָּא, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז אֲפִילוּ דִיא וָואס הָאבִּין שׁוֹין לַאנְג נִיט גִידַאוֵוינְט, וֵוייסִין אוֹיךְ דִיא מִשְׁנָה ׃ אוּנ דֶער בֶּעדַייטוּנְג פוּן דֶער מִשְׁנָה אִיז דוּרְךְ אוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ, כִּבּוּד אָב וָאֵם, גְמִילוּת חֲסָדִים, בִּקוּר חוֹלִים, וְהַכְנָסַת כַּלָה ׃ מֵילָא „כִּבּוּד אָב וָאֵם" הָאבּ אִיךְ שׁוֹין עֶרְקְלֶערְט וָואס פַאר אַ כָּבוֹד אוּנְזֶערֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע הָאבִּין גִיגֶעבִּין זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין מִיט זֵייעֶרֶע טְרֵפָה קִיכִין ׃ „הַלְוָיַת הַמֵת" הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ שׁוֹין עֶרְקְלֶערְט, מִיט דִיא בְּלוּמֶען, מִיט דִיא קְרֶעפֶּע, מִיט דִיא קַדִישִׁים, ווִיא אוֹיבִּין אִיז גִיזָאגְט ׃ וֶועגִין „הַשְׁכָּמַת בֵּית הַמִדְרָשׁ שַׁחֲרִית וְעַרְבִית" אִיז דָאךְ נִיטָא וָואס צוּ רֵיידִין, אַז מֶען דַאוֵוינְט נִיט אִיז דָאךְ נִיטָא צוּ וָואס צוּ גֵיין ׃ וֶועגִין „עִיּוּן תְּפִלָה", אַז עֶס אִיז נִיטָא קֵיין תְּפִלָה אִיז דָאךְ נִיטָא קֵיין עִיּוּן ׃ וֶועגִין „הֲבָאַת שָׁלוֹם בֵּין אָדָם לַחֲבֵירוֹ" אִיז דָאךְ אַז מֶען הָאט נִיט קֵיין אֱמוּנָה וְדֶרֶךְ אֶרֶץ אִיז מֶען דָאךְ נִיט קֵיין אָדָם, אִיז דָאךְ אוֹיךְ נִיטָא וֶועגִין וָואס צוּא רֵיידִין, דֶערִיבֶּער אִיז אוּנְז נָאר גֶעבְּלִיבִּין דֶער אַרְטִיקִיל פוּן הַכְנָסַת כַּלָה ׃

פַאר צֵייטִין אוּנ אוֹיךְ בִּיז יֶעצְט, אִין דִיא אִידִישֶׁע שְׁטֶעט, בַּיי דִיא וֶועלְכֶע עֶס הַאלְטִין נָאךְ דֶעם דַת הַיַהֲדוּת, אִיז דֶער מִנְהָג עַד הַיוֹם, אַז דֶער חָתָן אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער חוּפָּה פַאסְט עֶר מִיט דֶער כַּלָה, אִין פִיל שְׁטֶעלִין פַאסְטִין אוֹיךְ דִיא מְחוּתָּנִים, פַאר דֶער חוּפָּה דַאוֵוינְט עֶר מִנְחָה אוּנ זָאגְט אִין שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה עֲנֵנוּ, דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר אַתָּה יוֹדֵעַ רָזֵי עוֹלָם, דָאס הֵייסְט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל

עוֹלָם

עולם וויים אַלעס וואס עס איז אפילו סעקרעטני, אונ זאנט ודוי אשמנו ע״ס א״ב מיט על חטא, אונ ער ווײנט זיך אויס גאנץ גוט אונ פאר גיסט זיין הארץ פאר השי״ת, אז ער זאל איהם מוחל זיין זיינע חטאים. אונ דער ענין פון ודוי איז זייער גרויס. דער שבת פאר דער חתונה איז דער מנהג, אז דער חתן מיט דיא מחותנים גייען אין שול אדער לבית המדרש. אונ מען רופט איהם אויף צוא דער ספר תורה, ערשטינס זאל ער וויסען אז ביז אהער איז ער נאר גיוועזן א ילד, ד. ה. א מענש אונפערפאהרען, דעריבער גיט מען איהם מפטיר, אזוי א כבוד וואס דאס מעג זיין אפילו א ילד, אונ דאס איז שוין א בעוויז אז דיא קינדהייט האט זיך בייא איהם גיענדיגט. אפילו ווען ער האט זיך גיט געפירט וויא גיהעריג איז ביז דער חתונה, איז דער טאג פון דער חופה אויף איהם מכפר דורך דעם פאסטען מיט דעם ודוי, ד. ה. חרטה אויף עבר, אונ קבלה אויף להבא, צו פירן זיך אין אידישע וועג. ווידער איז געוועזן דער מנהג אז צו קבלת פנים פלעגט דער חתן מוזן זאגין א דרשה אום צו ווייזען אז זיין גאנצע כונה איז נור צו פירן זיך על פי התורה. בייא דיא וועלכע עס האבען ניט געקענט לערנען פלעגט מען פאר איהם זאגען דברי כבושים, ד. ה. מוסר, דאס האט גיזאגט אפילו א בדחן, נאר דער בדחן איז דאס מערסטע טהייל גיוועזן אפרומער איד, דער בעוויז איז אז אלע פלעגין וויינען, איז דאך אצייכין אז עס איז ארויס מקירות לבו, וארום דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב. היינט פלעגט מען פאר דער חופה דער לאנגען דעם חתן א טלית מיט ציצית מיט א קיטיל, אונ דער בדחן האט געזאגט: בני בני. מיין קינד קוק זיך היינטיגין טאג ארום, דו זאלסט וויסין אז דוא געמסט אפרוי, האי עלמא כהלולא דמיא, דיא גאנצע וועלט איז נאר וויא א חתונה. היינט טאנצט דער, מארגין דער, איבער מארגען נאר אנייער, אבער דיא קליידער זיינען אייביגע. פסח צום סדר טוהט מען אן דעם קיטיל, צום דאווענען יעדין טאג דעם טלית, ימים נוראים דעם טלית מיט דעם קיטיל, אונ איבער הונדערט אונ צוואנציג יאהר ווערט ווידער אן גיטאהן דער טלית מיט דעם קיטיל. דאס זיינען דיא עדות אז ער האט גידאווינט אין דעם טלית מיט ציצית. אונ האט גיהאלטען פסח מיט דיא סדרים מיט דער אמונה פון יום הדין, וויא שלמה המלך האט גיזאגט, בכל עת יהיו בגדיך לבנים, ד. ה. אלע צייט שטעל זיך פאר דיינע ווייסע קליידער אפילו בייא דיא רעכטע טענץ פון דיין חתונה.

נאר פאר צייטין פלעגט מען דעם חתן אן טאהן א קרוין, דעריבער זאגען מיר „חתן דומה למלך״, איז ווירקליך גיוועזן דיא מצוה הכנסת כלה

אַגְרוֹיסֶע זַאךְ, מֶען שְׁטֶעלְט אִיהם אָפּ זַיין גַאנְצִין לֶעבֶּענְס פִּיהְרוּנְג, וְויא אִיךְ וָועל וַוייטֶער עֶרְקְלֶערִין. מֶען הָאט גִיגֶעבִּין דֶעם חָתָן 2 שׁוּשְׁבִינִים (אוּנְטֶער-פִּיהְרֶער) אוּנ 2 שׁוּשְׁבִינוּת פַאר דֶער כַּלָּה, דָאס הֵייסְט 2 גוּטֶע פְרַיינְד פַאר דֶעם חָתָן אוּנ 2 גוּטֶע פְרַיינְדִינֶען פַאר דֶער כַּלָּה, מִיט גִיפְלָאכְטֶענֶע לִיכְט אִין דִיא הֶענְט, צוּא וָואס דָאס אִיז גִיוֶוען וָועל אִיךְ וַוייטֶער עֶרְקְלֶערִין. מֶען הָאט חָתָן וְכַלָּה גִיהִיט, נִיט צוּ לִיב שֵׁדִים ח"ו נָאר אוּם זֵייא זָאלִין זִיךְ צוּבְרֵייטִין צוּ אַזוֹי אַגְרוֹיסֶע פֶּערֶעמֶענֶע אִין לֶעבִּין בִּקְדוּשָׁה וְטַהֲרָה. אוּנ דִיא שׁוּשְׁבִינִים פְלֶעגִין דֶעם חָתָן זָאגִין וִויא עֶר זָאל זִיךְ פִּירִין מִיט דֶער פְרוֹי, דִיא שׁוּשְׁבִינוּת פְלֶעגִין זָאגִין דִיא כַּלָּה דִיא דִינִים וְויא אַפְרוֹיעֶנְצִימֶער מוּז זִיךְ פִּירִין מִיט דֶעם מַאן, הֵן אִין דְבָרִים שֶׁבֵּינוֹ לְבֵינָהּ, וְהֵן אִין דִיא הוֹיזְלִיכֶע זַאכִין. מֶען פְלֶעגְט פִּירִין חָתָן וְכַלָּה, ד. ה. פְרִיעֶר דֶער חָתָן מִיט פַיינְסְטֶע מֶענְשֶׁען צוּא בֶּעדֶעקִין דִיא כַּלָּה, אוּם זִיא זָאל וִויסִין אַז פוּן יֶעצְט אָן אִיז זִיא שׁוֹין נִיט קֵיין בְּתוּלָה, זִיא טָאר שׁוֹין אוֹיף אַנְדֶערֶע מַאנְס-לַייט נִיט קוּקִין, וֶוער שֶׁענֶער אוּנ וֶוער בֶּעסֶער אִיז, דָאס אִיז אִיהר זִיווּג וִויא דִיא גִיפְלָאכְטֶענֶע לִיכְט. צוּ זַאמֶען אִיז זִיא גַאנְץ, אָבֶּער אַז מֶען וִויל פַארְנַאנְדֶער דְרֵייעֶן, פַאלְט זִיא הֶערוּנְטֶער. דֶער נָאךְ הָאט מֶען דֶעם חָתָן אַוֶועק גֶעשְׁטֶעלְט גֶעבִּין שׁוּל אוּנְטֶער דֶער הוּפָּה תַּחַת כִּפַּת הָרָקִיעַ, אִיז דֶער בַּייא פַארַאן אוֹיךְ פִּיל טְעָמִים, נָאר אִיךְ וֶועל נָאר זָאגֶען וָואס אִיךְ וֵויים, אוּנ מֶען פְלֶעגְט מַאכִין דִיא חֲתוּנוֹת אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע 2 וָואכִין פוּן חוֹדֶשׁ, צוּלִיב וָואס אִיז דָאס גִיוֶוען? אִיז אוֹיף אַלֶעם דָא אַיין עֶנְטְפֶער, מֶען הָאט אִיהם גִיפִיהְרְט צוּם שׁוּל אוּם עֶר זָאל וִויסִין אַז זַיין גַאנְצֶער לֶעבִּין טָאר עֶר נִיט דֵיינְקֶען אָן אַנְדֶערֶע זַאכִין, נָאר וִויא שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט (משלי ג' ו') בְּכָל דְּרָכֶיךָ דָעֵהוּ וְהוּא יְיַשֵּׁר אֹרְחוֹתֶיךָ, דַיין גַאנְצֶען לֶעבֶּען מוּסְטוּ זִיךְ צִילִין צוּם שׁוּל, ד. ה. צוּ דֶעם דֶרֶךְ הַתּוֹרָה. מֶען הָאט אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט תַּחַת כִּפַּת הָרָקִיעַ, אוּם פוּן דִיא יוּנְגֶע מֶענְטְשֶׁען זָאל הֶערוֹיס קוּמֶען דוֹרוֹת וִויא שְׁטֶערִין פוּן הִימֶעל פִיל, אוּנ זֵייא זָאלֶען לַייכְטִין אִין דֶער תּוֹרָה פוּן אֵיין עֶק וֶועלְט בִּיז דֶער אַנְדֶערֶער. ווידֶער אִיז דָאךְ דֶער דִין אַז בַּייא בִּרְכַּת נְשׂוּאִין מוּזִין דָאךְ זַיין נִיט וֵוייניגֶער וִויא אַ מִנְיָן אִידִין. אוּנ בַּאיין שׁוּל גֵייעֶן דָאךְ אִידִין מִתְפַּלֵּל זַיין, וֶועלִין זֵייא זֶעהְן אַ חוּפָּה אִיז דָאךְ אַ מִצְוָה הַכְנָסַת כַּלָּה וֶועלִין זֵייא בְּלַייבִּין בַּייא דֶער חוּפָּה. נָאךְ אַ טַעַם אִיז פַארַאן, דֶער דִין אִיז אַז עֶס מוּזִין זַיין כְּשֵׁרֶה עֵדוּת, ד. ה. פְרַיינְד אֶמֶת'ה אָדֶער עֲבֵרְיָנִים, וֶוער רֶעט שׁוֹין אַ מְחַלֵּל שַׁבָּת אָדֶער אַ אוֹכֵל טְרֵיפוֹת, הֲגַם עֶר זָאגְט אֱמֶת, אִיז דִיא עֵדוּת בָּטֵל (חושן משפט סי' ל"ד), ווארוּ עֶס אִיז דָא פִיל עֵדִים כְּשֵׁרִים, נָאר צְווִישִׁין זֵייא אִיז פַארַאן אַקְרוֹב אָדֶער אַפָּסוּל

אִיז

איז דיא עדות בָּטֵל (חושן משפט סי׳ ל״ז), דער שְׁטֵיינֶער איז דָאךְ אַז אויף אַ חֲתוּנָה קוּמֶען דָאךְ דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל פְּרַיינְד, דֶערִיבֶּער איז דָאס לֶעבִּין שׁוֹל אויף דְרוֹיסֶען צוּא לִיב דִיא טַעֲמִים, אַז דִיא קְדוּשִׁין זָאלִין זַיין רִיכְטִיגֶע בְּלִי שׁוּם פִּקְפּוּק. דֶערִיבֶּער הָאט אִימֶער בֶּעדַארְפְט זַיין אַרְב בַּייא דֶער הוּפֶּה אֲפִילוּ בַּייא דֶעם גְרֶעסְטְין אֶבְיוֹן, אַכְטוּנְג גֶעבִּין אַז דִיא קְדוּשִׁין זָאל צוּא גֵיין רִיכְטִיג לְפִי דַת משֶׁה וְיִשְׂרָאֵל. אויךְ שְׁטֵייט אִין אֶבֶן הָעֶזֶר (סי׳ ס״ה) צריך לתת אפר בראש החתן וכו׳ זכר לאבילות ירושלים, ד. ה. מֶען בֶּעדַארְף אַרוֹיף שִׁיטִין אַשׁ אוֹיפִין חָתָנְס קָאפּ, אויף דֶעם אָרְט וואוּ מֶען לֵייגְט תְּפִלִין, מִשׁוּם דִכְתִיב לָשׂוּם לַאֲבֵלֵי צִיּוֹן וגו׳ פְּאֵר תַּחַת אֵפֶר (לעז וועגין דעם אפיינע היסטאריע אין מעשה אלפס 2-טע טייל זייטע 23) גָאר אִין אוּנְזֶערֶע לֶענְדֶער אִיז מֶען זִיךְ נוֹהֵג אַז דֶער חָתָן צוּ בְּרֶעכְט דֶעם כּוֹס וָואס מֶען מַאכְט אויף אִיהם דִיא בִּרְכַּת אֵירוּסִין אוּנְטֶער דֶער הוּפָּה. וַוייל עֶס שְׁטֵייט אִין תְּהִילִים (קל״ז) אם אשכחך ירושלים וגו׳ אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי. דֶער בֶּעדַייטוּנְג אִיז דֶער פוּן אַזוֹי, אִידִין הָאבֶּען צוּ גֶעזָאגְט דֶעם רבש״ע אַז זַייא וֶועלִין אִימֶער אָן יְרוּשָׁלַיִם נִיט פַאר גֶעסִין, הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט מַיין צוּנְג זָאל צוּ גֶעדַארְט וֶוערִין צוּם גוּמֶען אוֹיב אִיךְ וֶועל זִיךְ אָן יְרוּשָׁלַיִם פַאר גֶעסִין, אֲפִילוּ אִין דֶער הוֹיפְּט שִׂמְחוֹת, דָאס מֵיינְט מֶען אויף אַ חֲתוּנָה וָואס דָאס אִיז דֶער הוֹיפְּט שִׂמְחָה. הַיינְט בְּרִידֶער לָאמִיר וַוייטֶער אַקוּק טָאהְן וָואס טוּהט זִיךְ יֶעצְט בַּייא אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער דִיא וָואס וַוארְפֶען אַוֶועק דֶעם רִיכְטִיגִין דַת הַיַהֲדוּת ?

אִיךְ הָאבּ גִיזָאגְט, אַז אִיךְ וֶועל עֶרְקְלֶערִין פַאר וָואס פְּלֶעגְט מֶען מַאכֶען דִיא חֲתוּנָה אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין הַאלְבֶּען חֹדֶשׁ. מִיר אַלֶע וֵוייסֶען אַז אִידִין זַיינֶען גִיגְלִיכֶען צוּ דֶער לְבָנָה, דָאס הֵייסְט עֶס אִיז דָא אַ צַייט וָואס מִיר לַייכְטִין אוּנ עֶס אִיז דָא אַ צַייט וָואס מִיר גֵייעֶן דַאכְט זִיךְ אוּנְטֶער. אָבֶער גְלַייךְ וִויא דִיא לְבָנָה עֶנְדִיגְט אִיהר אוּנְטֶער גַאנְג פַאנְגְט זִיא וִוידֶער אָן צוּ שַׁיינֶען, אִיז דֶערִיבֶּער פְּלֶעגְט מֶען מַאכִין אוּנ אויךְ יֶעצְט בַּיי דִי עֶרְלִיכֶע אִידִין אִין עֶרְשְׁטִין הַאלְבֶּען חוֹדֶשׁ. אוּם דֶער חָתָן מִיט דֶער כַּלָּה זָאלֶען אִימֶער שַׁיינֶען אוּנ וֶוערִין גְרֶעסֶער, זַייעֶר גַאנְצִין לֶעבִּין נִיט פַאר לִירִין דֶעם הָאפֶענוּנְג פוּן דֶעם בּוֹרֵא יִתְבָּרַךְ אֲפִילוּ אִין דֶער פִינְסְטֶערֶע צַייט.

נָאךְ דֶער הוּפָּה וִויא חָתָן כַּלָּה הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אָפּ גִירוּהט, הָאט מֶען גִימַאכְט אַבַּאל ד. ה. אַ אָבֶענְד בְּרוֹיט פַאר דִיא גֶעסְט אוּנ דֶער חָתָן אִיז גִיזֶעסִין בְּרֹאשׁ הַקְרוּאִים, אוּנ דֶער וָואס הָאט גִיקֶענְט לֶערְנֶען הָאט גִיזָאגְט וִוידֶער אַ דְרָשָׁה, אוּנ דֶער וָואס הָאט נִיט גִיקֶענְט לֶערְנֶען,

פלעגט

פְּלֶעגְט זָאגִין דֶער רָב אָדֶער פוּן דִיא מְחוּתָּנִים תּוֹרָה, אוּם עֶס זָאל נִיט זַיין דֶער טִישׁ ח״ו וְויא זִבְחֵי מֵתִים, וְויא דֶער תַּנָא זָאגְט אִין פִּרְקֵי אבות (פרק ג׳) שלשה שאכלו על שלחן אחד ולא אמרו עליו דברי תורה כאלו אכלו מזבחי מתים, אָבֶּער וֶוען עֶס קוּמֶען צוּ זַאמֶען אִידִין בַּייא אֵיין טִישׁ אוּנ זָאגִין תּוֹרָה, אִיז דָאס גֶעגְלִיכִין וְויא זַייא עֶסִין פוּן גָאטֶעס טִישׁ. זָאגְט דֶער תַּנָא דָאס אִיז דֶער בֶּעדַייטוּנְג פוּן דֶעם פָּסוּק (יחזקאל מא) זה השלחן אשר לפני ה׳, דָאס וַוייסְין אַלֶע אַז דֶער טִישׁ אִיז גֶעגְלִיכִין צוּם מִזְבֵּחַ. דֶער נָאךְ אִיז דִיא מָאדֶע גְוֶוען אוּנ אוֹיךְ הַיינְט בַּיי דִיא וָואס הִיטִין דֶעם דַת הַיַהֲדוּת, אַז אַלֶע פְלֶעגִין טַאנְצִין מִיט דֶער כַּלָה כָּשֵׁר טַאנְץ, ד. ה. מֶען הָאט גִיגֶעבִין דֶער כַּלָה אַטִיכֶל אִין הַאנְט אוּנ מֶען הָאט מִיט אִיהר גִיטַאנְצְט, אוּם מְשַׂמֵחַ צוּ זַיין חָתָן וְכַלָה.

אָבֶּער לִיבֶּע טְרַייֶע בְּרִידֶער, לָאמִיר זֶעהֶן וְויא עֶס פִירְט זִיךְ יֶעצְט? אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַבִּיסִיל פַאר רֶעט, אִיךְ הָאבּ נָאךְ דִיא חֲתוּנָה נִיט גִיעֶנְדִיגְט? וְויא מֶען הָאט אָפּ גִיגֶעסִין הָאט מֶען ווידֶער תּוֹרָה גִיזָאגְט, אָדֶער דֶער חָתָן אָדֶער פוּן דִיא מְחוּתָּנִים, פוּן גְרוֹיס צוּפְרִידֶענְהַייט הָאבִּין דִיא גֶעסְט גִיגֶעבִין מַתָּנוֹת לְהֶחָתָן וְהַכַּלָה (דְרָשָׁה גֶעשַׁאנְק). דֶער נָאךְ הָאט מֶען ווידֶער דֶער לַאנְגְט צוּם טִישׁ מַיִם אַחֲרוֹנִים, אַלֶע הָאבִּין גִיוַואשִׁין דִיא הֶענְט נָאךְ דֶעם עֶסִין אוֹיךְ וְויא פַאר דֶעם עֶסִין, אוּנ מֶען הָאט גָאט ב״ה גֶעדַאנְקְט אוּנ גֶעזָאגְט שֶׁבַע בְּרָכוֹת, אוּנ פוּן כּוֹס שֶׁל בְּרָכָה הָאט מֶען גִיגֶעבִין צוּ טְרִינְקֶען חָתָן וְכַלָה, אוּנ דִיא גַאנְצֶע שִׁבְעַת יְמֵי הַמִשְׁתֶּה אִיז גִיוֶוען יוֹ״ט, נִיט גְרַאדֶע צוּ הוֹיזֶע נָאר אֲפִילוּ אִין בֵּית הַתְּפִלָה וֶוען דֶער חָתָן אִיז גִיקוּמֶען הָאט מֶען נִיט גִיזָאגְט קֵיין תַּחֲנוּן ד. ה. וַיֹאמֶר דָוִד אָדֶער לַאנְג וְהוּא רַחוּם. דֶעם שַׁבָּת פוּן נָאךְ דֶער חֲתוּנָה הָאט מֶען דֶעם חָתָן אוֹיף גִירוּפִין צוּם סֵפֶר תּוֹרָה נִיט קֵיין מַפְטִיר נוּר שְׁלִישִׁי אָדֶער שִׁשִׁי אוּם עֶר זָאל ווִיסִין דָאס עֶר אִיז שׁוֹין אַ מַאן נִיט קֵיין יֶלֶד, נָאר דִיא גַאנְצֶע זַאךְ אִיז, אַז עֶר זָאל זִיךְ פִירִין ע״פ דֶרֶךְ הַתּוֹרָה.

לַיידֶער וְויא מַאכְט מֶען הַיינְט דִיא חֲתוּנוֹת? אוֹיף רוּפִין דֶעם חָתָן רוּפְט מֶען נִיט אוֹיף, וַוייל דָאס מֶעהְרְסְטֶע טְהֵייל פוּן דִיא נַייִמָאדִישֶׁע אִידִין קֶענֶען אֲפִילוּ דִיא בְּרָכָה נִיט מַאכִין, נִיט אַזוֹי מַפְטִיר וָואס מֶען מוּז זָאגִין עֶטְלִיכֶע בְּרָכוֹת. דִיא חוּפָּה וֶוערְט נִיט גֶעמַאכְט אוֹיף דְרוֹיסִין תַּחַת כִּפַּת הָרָקִיעַ, וַוייל זַייא הַאלְטִין נִיט פוּן דִיא בְּרָכוֹת. דִיא חֲתוּנָה וֶוערְט גֶעמַאכְט אָדֶער אִין אַקוּךְ מַייסְטֶערְסְקֶע, אָדֶער אִין אַטַאנְץ קְלַאס. בַּיי דִיא נַייִמָאדִישֶׁע אִידִין וֶוערְט גִימַאכְט דִיא חוּפָּה אִין שׁוּל, וַוייל בַּיי דִיא

קריסטין

קְרִיסְטִין מַאכְט מֶען אִין קִירְךְ, אוּן מֶען דַארְף דָאךְ נָאךְ טָאן. דִיא אוּנְטֶער פִירֶער זַייֶען נִיט קַיין שׁוּשְׁבִינִים, נָאר שַׁאפֶּערֶעס (דאס איז אפילו זייער ריכטיג, צו אוואלד האָלץ אוג פּלעקער דארף מען האבין אשאַפּער) מִיט שַׁאפֶּערְקֶעס מִיט בּוּקֶעטִין, בַּחוּרִים מִיט מֵיידְלַאךְ. דֶער חָתָן פַאר דֶער חוּפָּה פַּאסְט נִיט אוּנ זָאגְט נִיט קַיין וִדוּי צוּ מִנְחָה. אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה וֶוערְט קַיין גְלָאז נִיט צוּ בְּרָאכִין, וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין תּוֹסְפוֹת (ברכות ל"א. ד"ה אייתי), וַוייל יְרוּשָׁלַיִם אִיז בַּייא זֵייא נִיט חָשׁוּב (אוּנ אִין אַנְדֶערֶע הַייזֶער הָאט מֶען פָּשׁוּט פַּחַד, דִיא כַּלָּה זָאל פוּן שְׁרֶעק נִיט . . .), גְלַייךְ פַאנְגְט זִיךְ אָן אַ טַאנְצֶערַייא בַּחוּרִים מִיט בְּתוּלוֹת, אֲפִילוּ פְרֶעמְדֶע מַאנֶען מִיט פְרֶעמְדֶע פְרוֹיעֶן (לעז מעשה אלפּס 2-טע טהייל זייטע 43 אַוואונדערליכּע סצענע חעגין דעם). מֶען גֵייט צוּם טִישׁ עֶסִין, נִיט מֶען וַואשְׁט זִיךְ, נִיט מֶען זָאגְט תּוֹרָה, נִיט דֶער חָתָן אוּנ נִיט דִיא גֶעסְט, אֲפִילוּ עֶס אִיז דָא נָאךְ פוּן דִיא עֶלְטֶערֶע וָואס עֶס וָואלְטִין וֶועלִן, אַז עֶס זָאל צוּ גֵיין כָּשֵׁר ע"פ דַת הַיַּהֲדוּת, קֶענֶען זֵייא נִיט אוֹיס פִירִין. בַּיין טִישׁ וֶוערְט אַ גַאנְצֶע גֶעשְׁרֵייא גָארְקָא! (דָאס אִיז דִיא מָאדֶע בַּייא דִיא בוֹיעֶרִין), אוּם חָתָן כַּלָּה זָאלִין זִיךְ קוּשִׁין, אִיז נָאךְ דָא אַזֶעלְכֶע פְּרִיצוּת וִויא דָאס אִיז? דָאס אִיז דָאס מֶערְסְטֶע טְהֵייל בַּייא דִיא גֶעוואוּנְלִיכֶע אִידִין ד. ה. בַּייא בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, וֶוער אִיז דֶער בַּאיי שׁוּלְדִיג? אִיז פַּארַאן אוֹיף דֶעם אוֹיךְ אַ תֵּירוּץ, אָבֶּער אִיךְ וֶועל דָאס לָאזִין אוֹיף נָאךְ דֶער חֲתוּנָה. ווּאוּ עֶס וָואלְטִין דִיא עֶרְלִיכֶע אוּנ גָאט'ס פָארְכְטִיגֶע אִידִין וֶועלִין בֶּענְטְשִׁין זַייֶנֶען שׁוֹין אַלֶּע צוּ לָאפִין פוּן טִישׁ (לעז אין מעשה אלפּס 1-טע טהייל דיא סצענע פון חיים'ן מיט'ן גיגנב'טען עפיל), דִיא יוּנְגֶע לַייט צוּם טַאנְצִין, דִיא מִיטֶעלֶע צוּא קָארְטִין שְׁפִּילִין, חָתָן כַּלָּה אִיז קוֹים אוֹיף צוּ זוּכִין, אוּם מֶען זָאל קֶענֶען זָאגִין שֶׁבַע בְּרָכוֹת. אַגְלִיק אִיז נָאךְ דָא וָואס עֶס אִיז פַּארַאן פִיל שַׁמָּשִׁים וָואס קוּמֶען נָאךְ גֶעלְט, אוּנ אָן צוּ עֶסִין זִיךְ, וֶוערְט קוֹים אַ מִנְיָן, אַז מֶען זָאגְט דָאךְ אִין פִיל שְׁטֶעלִין שֶׁבַע בְּרָכוֹת צוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער וֶועצֶערֶע.

הַיינְט לָאמִיר אַבִּיסִיל אַקוּק טָאהן צוּ דִיא וֶועלְכֶע עֶס נֶאנֶען זִיךְ דִיא גֶעבִּילְדֶעטֶע, אָדֶער אִינְטֶעלִיגֶענְצִיֶע, וִויא גֵייט דָאס בַּייא זֵייא צוּ? וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ אַבִּיסִיל נָאר אַבִּיסֶעלֶע דֶער צֵיילִין, זֵייא מוּזִין דָאךְ נָאךְ טָאהן, עֶר גֵייט נִיט פַאר דֶעם הָאכְצֵייט אִין שׁוּל, נִיט נָאךְ דֶעם הָאכְצַייט, אֲפִילוּ קַיין סְעוּדַת הֲתָנִים וֶוערְט אוֹיךְ נִיט גִימַאכְט, קַיין שֶׁבַע בְּרָכוֹת לֵית מַאן דְּבַר שְׁמֵיהּ, אוּנ חָתָן כַּלָּה פָארִין אַוֶועק אוּנ אַלֶּע בְּלַייבִין וִויא דִיא אָפּ גִישְׁמִיסֶענֶע, ווּאוּ הִין זֵייא פָארִין? אַדְנַאמוּ אַלַאכוּ אִיזְוֶועסְטְנָא.

נִיט

גיט אומזיסט האט מיר געזאגט א שמש פון קאר שול, אז אפאנאחידע איז בעסער וויא א חתונה, ווען איינער פון די אריסטאקראטין שטארבט, איז דאך אמווייניגסטין א פאנאחידע נאך אפאנאחידע, אבער ווען איינער פון דיא אריסטאקראטין הייראטעט זעהט מען איהם מעהר אין דיא אויגין ניט. אל תשמח ישראל אל גיל וגו' זאגט דער נביא (הושע ט), מען שמייסט אונז דער פאר, פאר געסט ניט מיר זיינען גיגליכין צו דער לבנה, היינט לייכט זיא מארגין ווערט זיא טינקעלער, אזוי איז דאך אויך מיט אונז, דעריבער ווען דיא פרומע גאטס פארכטיגע אידין זיינען מחדש דיא לבנה, זאגין זייא ויהי רצון מלפניך וכו' ויהי אור הלבנה כאור החמה וכו' כמו שהיתה קודם מעוטה, דאס הייסט מיר זאלין שיינען וויא דיא זון איידער מיר זיינען נאך קליין גיווארין, דאס איז איידער מיר האבין גיזינדיגט, וועט אויף אונז דער בורא יתברך רחמנות האבין, אמן.

---

## י.

## דער צו גאנג בלע המות לנצח.

שלמה המלך האט גיזאגט אין קהלת ג' עת לחשות ועת לדבר, ד. ה. עס איז א צייט צו שווייגין אונ עס איז אויך א צייט צו ריידין. איז יעצט גראדע דיא צייט פון ריידין, עת לטעת ועת לעקור נטוע, דאס הייסט עס איז א צייט אז מען מוז פלאנצין, דער געגען איז דא א צייט אז מען זעהט אז די פערפלאנצטע מאכט ערגער דיא איבעריגע פרוכט אדער דיא פעלד מוז מען דאס אויס רייסין. לאמיר דאס ריכטיג ערקלערין, אזוי וויא דער נביא האט געזאגט ולא בדרכיהן הלכת (יחזקאל טז). דיא גמרא הקדושה זאגט אין סנהדרין (דף מ"ג) כל המומתין מתודין ואומרין לו דברי נחומים, ד. ה. ווען דער מענש ווערט קראנק ר"ל זאגט מען איהם ער זאל זיך מתודה זיין, אונ מען זאגט איהם דברי נחומים גוטע ווערטער, מען דער ציילט איהם אז אפילו עכן וואס ער האט גיזינדיגט נעגין דעם בורא ברוך הוא, אונ געגין דעם גאנצין כלל ישראל, מיט דעם וואס ער האט געשטוילין פון דער שטאט יריחו, האט צו איהם געזאגט יהושע: בני שים נא כבוד לד' אלקי ישראל ותן לו תודה וגו', ד. ה. יהושע זאגט צו עכן, מיין קינד דוא זעהסט דאך אז דורך דיר ליידעט דאך דער כלל ישראל, וויא עס שטייט פריער געשריבין, זאיי

זיך

זיך מִתְוַדֶה אונ זָאג וָאס הָאסטו גיטָאהן, דוא זָאלְסט נָאר פַאר מִיר קֵיין לִיגִין נִיט זָאגִין, הָאט עֶכָן גיעֶנְטְפֶערְט עֶס אִיז וַאהר אִיךְ הָאבּ גְזִינְדִיגְט גָעגִין גָאט, אונ אִיךְ הָאבּ צוּלִיבּ גֶעלְט דָאס אונ דָאס גִיטָאהן. הָאט יְהוֹשֻׁעַ צוּ אִיהְם וִוידֶער גיזָאגְט: וַוייל דוּרךְ דִיר הָאבִּין דָאךְ אַלֶע גִילִיטִין, דֶער פַאר יַעְכָּרְךָ ה׳ בַּיּוֹם הַזֶה, ד. ה. מוּסְטוּ לַיידִין הַיינְטִיגִין טָאג. זָאגְט אוֹיף דֶעם דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה, אַז לַיידִין נָאר הַיינְטִיגִין טָאג, אָבֶּער אַחֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא וֶועט עֶר יֶע הָאבִּין, פַאר דֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ מִתְוַדֶה גִיוֶועןְ. אִין יוֹרֶה דֵעָה (סי׳ של״ם הל׳ בקור חולים) אִיז אַזוֹ גִיזָאגְט, מי שחלה אומרים לו התודה, ואומרים לו הרבה התודו ולא מתו. דָאס הֵייסְט פִיל מֶענְשִׁין הָאבִּין וִדוּי גִיזָאגְט אונ זַיינֶען נִיט גֶעשְׁטָארְבִּין, והרבה שלא התודו ומתו, אונ עֶס גִיבְּט פִיל מָאל אַז מֶען זָאגְט נִיט קֵיין וִדוּי אונ מֶען שְׁטַארְבְּט פָארְט. וכל המתודה יש לו חלק לעולם הבא. אונ דֶער וָואס אִיז זִיךְ מִתְוַדֶה הָאט נָאךְ אַ חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא. אַזוֹי לֶערִינְט אוּנְז דִיא תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה. מִיר גִיפִינֶען פִיל מַעֲשִׂיוֹת וֶועלְכֶע אֲפִילוּ דִיא דָאקְטוֹרִים הָאבִּין שׁוֹין אָפּ גִיזָאגְט אִין גַאנְצִין דֶעם לֶעבִּין. נָאר דֶער קְרַאנְקֶער וִויא עֶר הָאט דָאס גִיהֶערְט אונ הָאט זִיךְ מִתְוַדֶה גִיוֶועןְ. אונ הָאט חֲרָטָה גִיהַאט אוֹיף זַיינֶע זִינְד, אונ הָאט מִיט אַ אֱמֶת אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶועןְ אַז וֶוען הַשי״ת וֶועט אִיהם שִׁיקִין אַ רְפוּאָה זָאל עֶר מֶעהר נִיט זִינְדִיגִין. אִיז עֶר בִּזְכוּת דֶעם וִדוּי גִיזוּנְד גִיוָוארִין.

אִיךְ הָאבּ אַזֶעלְכֶע פַאקְטִין פִיל. וָואס אִיךְ קֶען אַייךְ אוֹיף דֶעם שְׁוֶוערִין נָאר וָואס בֶּעדַארְפִין מִיר דִיא פַאקְטִין? עֶרְשְׁטִינְס שְׁטֵייט קרוב ד׳ לכל קוראיו לכל אשר יקראוהו באמת. ד. ה. הַשי״ת אִיז נָאהֶענְט צוּ אַלֶע וֶועלְכֶע עֶס רוּפִין אִיהם בֶּאֱמֶת. עֶר קֶען זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער זִינְדִיגֶער, נָאר אַז עֶר קֶערְט זִיךְ צוּא הַשי״ת הֶעלְפְט עֶר אִים. וִויא דִיא גְמָרָא זָאגְט חָטָא יִשְׂרָאֵל, אַף עַל פִּי שֶׁחָטָא יִשְׂרָאֵל הוּא. וִויא מִיר גֶעפִינֶען אִין (מ״ב כ׳ א׳) בימים ההם חלה חזקיהו למות וגו׳, חִזְקִיָהוּ הַמֶלֶךְ אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארִין, אִיז צוּ אִיהם גִיקוּמֶען פַארשַׁיינְלִיךְ דָאקְטוֹרִים, נָאר זֵייא הָאבִּין אִיהם נִיט גִיקֶענְט הֶעלְפִין, וַוייל אֵין יְסוּרִים בְּלִי עָוֹן, ד. ה. קֵיין קְרַאנְקְהַייט אִיז נִיט אָן זִינְד. אִיז צוּ אִיהְם גִיקוּמֶען דֶער רִיכְטִיגֶער דָאקְטָאר וָואס הָאט גוּט פֶערְשְׁטַאנֶען דִיא קְרַאנְקְהַייט, ד. ה. דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ, אונ זָאגְט אִיהְם: מַאךְ אַ צַוָאָה, וַוייל גָאט הָאט גִיזָאגְט אַז דוא וֶועסְט שְׁטַארְבִּין אונ נִיט לֶעבִּין. אִיז דָאךְ דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער אִיבֶּעריג, וִויא בַּאלְד אַז עֶר וֶועט שְׁטַארְבִּין, צוּ וָואס הָאט עֶר נָאךְ גִיזָאגְט אַז עֶר וֶועט נִיט לֶעבִּין, זָאגְט אוֹיף דֶעם דִיא גְמָרָא, אַז עֶר הָאט אִיהְם גִיזָאגְט אַז אֲפִילוּ

עוֹלם

עוֹלָם הַבָּא וֶועט עֶר אוֹיךְ נִיט הָאבִּין *)․ בֶּעדַארְף מֶען נָאךְ אַ רִיכְטִיגֶערִין דָאקְטָאר וִויא יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא ? וֶועלְכֶע אַלֶע נַאצְיָאנֶען גְלוֹיבִּין אִין זַיינֶע רֵייד․ דָאךְ הָאט חִזְקִיָהוּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא נָבִיא צוּא דִיר הָאבּ אִיךְ נִיט, דוּא הָאסְט גִיטָאהן וָואס גָאט הָאט דִיר גִיהֵייסִין, יֶעצְט קֶענְסְטוּ גֵיין, נָאר אִיךְ הָאבּ בְּקַבָּלָה פוּן מַיין עֶלְטֶער זֵיידִין דָוִד הַמֶלֶךְ, אַז אֲפִילוּ דֶער שְׁוֶוערְד לִיגְט שׁוֹין אוֹיפְ'ן הַאלְז, טָאר זִיךְ דֶער מֶענְשׁ נִיט מְיַאֵשׁ זַיין פוּן צוּ בֶּעטִין גָאט'ס רַחֲמָנוּת․ הָאט עֶר זִיךְ אוּם גִיקֶערְט מִיט דֶעם גֶעזִיכְט צוּם וַואנְט אוּנ מִתְפַּלֵל גִיוֶוען צוּ דֶעם בּוֹרֵא אוּנ הָאט חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף זַיין אִירְטְהוּם, אוּנ הָאט מְקַבֵּל גִיוֶוען אוֹיף וַוייטֶער, אַז וֶוען גָאט וֶועט אִיהְם שִׁיקֶען אַ רְפוּאָה, זָאל עֶר פָּאלְגִין וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תוֹרָה, אוּנ הָאט דֶער בַּייא גֶעוֵויינְט․ אִיז נָאךְ אֵיידֶער יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא אִיז פוּן שְׁטָאט אַרוֹיס, הָאט וִוידֶער השי"ת גִיזָאגְט צוּ אִיהְם: „קֶער זִיךְ צוּרִיק צוּם מֶלֶךְ, אוּנ זָאג אִיהם אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט זַיינֶע וִדוּיִים אוּנ גִיזֶעהן זַיינֶע טְרֶערִין, אִיךְ וֶועל אִיהם שִׁיקִין אַ רְפוּאָה, אַז אִין דְרַייא טֶעג אַרוּם וֶועט עֶר שׁוֹין קֶענֶען גֵיין אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ גוֹמֵל בֶּענְטְשִׁין"․

הַיינְט לִיבֶּע טְרַייעֶ בְּרִידֶער, לָאמִיר אַקוּק טָאהן וִויא אִיז בַּייא אוּנְז․ דִיא אָרְטָאדָאקְסִישֶׁע אִידִין בֶּעטִין יֶעדִין טָאג 3 מָאל, שַׁחֲרִית מִנְחָה וּמַעֲרִיב, זַיינֶען זֵייא דָאךְ זִיךְ מִתְוַדֶה אִין יֶעדֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה․ זֵייא זָאגִין „סלח לנו אבינו כי חטאנו" וכו'․ אוֹיסֶער דֶעם זָאגִין זֵייא אִין שמע קולנו „אנא ד' חטאתי עויתי פשעתי" וכו', וֶוער רֶעט שׁוֹין דִיא אחב"י וֶועלְכֶע עֶס בֶּעטִין נוסח ספרד זָאגִין נָאךְ שחרית ומנחה שלש עשרה מדות מִיט אָשַׁמְנוּ ע"ס א"ב, בַּייא נַאכְט זָאגִין זֵייא וַוייטֶער קְרִיאַת שְׁמַע אוּנ זַיינֶען אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם, אוּנ דֶער צוּ זָאגְט יֶעדֶער בידך אפקיד רוחי, ד․ ה․ עֶר גִיט אַוֶועק צוּם רבש"ע דִיא נְשָׁמָה․ אוֹיסֶער דֶעם אִין פִיל שְׁטֶעט אִין דֶער לִיטָא אִיז פַאראַן חֶבְרוֹת וָואס זֵיי זִיצִין וִויא טָאג אוּנ נַאכְט צוּ 12 שָׁעָה אִין בִּקוּר חוֹלִים, דֶר צֶועל אִיז פוּן דִיא חֶבְרוֹת, אַז מֶען זָאל זִיצִין בַּייא יֶעדִין חוֹלֶה וָואס פֶערְלַאנְגְט, הֵן רַייךְ הֵן אָרֶעם, אוּנ מֶען זָאל

איהם

*) ווייל חזקיהו האט גיזעהען ברוח הקדש, אז פֿון אים וועלין אַרויס קומען ניט קיין גוטע קינדער, דרום האט ער קיין פֿרוי ניט גינומען צו האָבין קינדער, האט אים דער נביא גיזאגט, אז דאס איז איין אירטהום פֿון אים, דער מענש דארף טאן וואס ער איז פֿאַר זאגט אין דער תורה, אונ אין דעם עוויגענם סעקרעטין האט ער זיך ניט צו מישען.

אים אונ אויך זיין פאמיליע בעהילפיג זיין, אונ צו זאגין מיט איהם ודוי, אונ צו בעדינען איהם. איז דען דא וואס צו ריידין, אז פאר דעם שטארבין בעדארף מען זאגין ודוי? אבער בעו"ה אין דיא שטעט וועלכע דיא אהב"י זיינען דאס מערסטע טהייל פון דיא נייא מאדישע אידין אונ דאוונען ניט, זינדיגין זינדיגט מען פיל מעהר, איז דאך דאכט זיך דאס זייער נייטיג.

היינט לאמיר אקוק טאהן וויא ביא אנדערע נאציאנען איז. גייט הערום דער גייסטליכער בעזוכין דיא קראנקע, אין דיא וואיענע אונ אויך אין דיא גראדאנסקע באלניצעס, זייא קומען אפילו צו דיא וועלכע עס זיינען קנאפע ערפילער פון רעליגיאן, דאך פאר דעם שטארבין זיינען זיך אלע מתודה, אונ דאס מערסטע טהייל זאגין אז נאך דעם איספאוויעד ווערט איהם לייכטער אונ ער שטארבט רוהיג. איך האב דאס זעלבסט ביא גיזעהן ביא מיינע בעקאנטע קריסטין, וועלכע איך בין גיגאנגען בעזוכין ווען זייא זאנען קראנק. ווידער געפינט זיך אין דיא אידישע שטעט, וואו אהב"י האבין דארטין דיא רעכט צו וואינען, פיל ניט רייכע מענשין, מאנכס לייט, אונ אויך פרויען, וואס גייען בעזוכין אין דיא האספיטעלער ארעמע אידישע סאלדאטין. עס גיבט נאך מאנכע מאל וואס מען לאזט זייא גאר ניט העריין. דער נאציילניק האספיטאל זאגט, דערויף איז דא ארב. פרעג איך ביא דיא קאזאנע רבנים, וואס ווילין אלעס נאך טאהן וויא ביא אנדערע נאציאנען, צב"ש ער גייט אויך אין א ראסע ניט קיין טלית מיט ציצית וויא עס שטייט אין דער תורה "ועשו להם ציצית" אונ נאך אזעלכע זאכין וואס עס איז א שאנדע צו ריידין, פאר וואס זאל ער ניט גיין איבער דיא האספיטעלער אדער באלניצעס וויא אלע גייסטליכע? ער וויל דאך נאך טאהן! איך וועל אייך נאך אזאך דערציילין, הגם עס איז דאך א שאנדע, אונ פון הדר האט דער רבי אזן גיזאגט אז מען טאר ניט אויס זאגין. איך גידיינק נאך ביז היינטע וויא מען פלעגט דער פאר שמייסין, נאר וואס זאל מען טאהן אז עס טוהט דאך וויא, זאל מען ניט שרייען?

איך האב פריער גיזאגט אז איך בין ניט קיין רב ניט קיין מגיד ומוכיח, אוי לדור ששפטו שופטיהם, עס איז אך אונ וויא, אז דער פאלק זאגט מוסר דעם שופט. איך בין א רעמעסלעניק, איז די פראגע ביי די רעמעסלעניקעס, אז יעדער וועלכער עס איז נאר א רעמעסלעניק ווערט גילאדען צו אלע פריגלאשעניעס, צוא א וויבאר אדער צו א חשבון. דער רעמעסלעניק קען זיין ווער ער איז, א רוסי, א פאלאק, א טאטאר, אפילו

אונז אחב"י פאר שעמט מען אויך ניט, אונ מען פריגלאשעם צו אלעס וויא
אנדערע. איז פאר דעם, איידער עס פאנגט זיך אן דיא וויבארעס קומען די
גייסטליכע פון יעדער נאציאן אונ האלטין פאראוים, ארעדע, פאר דיא
רוסין אסוועשצעניק, פאר קאטאליקין א קאטוילישער פאסטאר, א. ז. וו.,
ער ערקלערט צו ליב וואס מען האט זיך צוזאמען גיקליבין אונ זאגט מוסר, אז
ער גיט א שבועה, אונ וויא א שבועה איז הייליג א. ז. וו., פאר אונז אידין
קומט ניט קיין רב, די שבועה לעזט פאר שטענדיג א צלען וואס איז דאס
מערסטע א מאלא גראמאטני, די רוסין לאבן, חייל מען הייסט נאך אן טאהן
די היטלען, אונ דער משביע גייט אן א היטיל ווייל ער איז דאך א קריסט.
ווערט יעדעס מאל גיפרעגט: זיי האבין דאך אויך זייער רבין, פאר וואס
שיקט מען נאך איהם ניט? איז באיי יעדעס מאל דער ענטפער: מיר שיקין
נאך איהם אפאיעטאן אונ ער וויל ניט אנדערש וויא א קארעט, אונ מיר
שיקין ניט קיין קארעטעס נאך קיין גייסטליכען. איז דאס רעכט? זאגט אויב
דאס איז א ליגין? איהר ברידער רעמעסלעניקעס! נאר דער תירוץ איז. ולא
בדרכיהן הלכת וכו׳*) וויא דיא גמרא הקדשה זאגט, כמהוגנים ייבדם לא
עשירם

---

*) זינט „דער גלעקיל" האט זיך אנגיהייבין צו הערין, שיקט דער קאזאנער ראבינער
צו געבין אשבועה (צו דיא וויבארעס) דעם מורה הוראה, וואס ער רעכנט זיך פאר א פאמאשניק,
דאס איז אבער אגאנץ שוואכער תקון, ערסטינס איז ער נור גילערינט אין זיין זאך, הייסט
אין תלמוד אונ פוסקים וויא עס גיהער צו אמורה הוראה. אבער ריידין פראווילנא דיא רוסישע
שפראך איז ער ניט גילערינט. עס פאדערט זיך זאגין אביסעלע מוסר פאר דיא שבועה,
ערקלערין יענעם דיא הייליגקייט פון אשבועה, אז לבד וואס שווערין ניט ראיעל איז א הארבע
עבירה קעגין גאט. וויא אונזערע הייליגע חכמים זאגין אז דיא גאנצע וועלט האט געציטערט
בעת השי"ת האט געזאגט על הר סיני דעם געבאט „לא תשא את שם ה׳ אלקיך לשוא, כי
לא ינקה ה׳ כו" איז דאס אויך זייער אונווירדיג קעגין מענשין אונ קעגין אייגענעם סאוועסט,
אונ דער עונש פון אפאלשע שבועה איז גלייך סיי בלשון הקודש אין שול מיט שווארצע ליכט
אונ סיי אין א פריסוטסטווא, דא קומט נאך צו דיא הארבע עבירה פון חלול השם אונ
חלול כבוד ישראל.. איז לבד וואס ער קען דאס ניט אויסדריקען אויף רוסיש, אפילו דעם
נוסח השבועה וואס ער לייענט זיי פאר, איז ווייל זיין צונג איז ניט געאיבט אין דעם, זעט
דאס אוים ניט וויא רוסיש נור וויא קיטייסקי יאזיק אונ עס ברייגנט דיא פיבליקע צום לאכין
אז עס איז זייער ניט שיין. צווייטענס איז דאס אגרויסער מכשול. דער מורה הוראה איז
שטענדיג פאר נומען מיט שבועות געבין אונ מיט דיא בעלי-בתישע חתונות, וואס דער
ראבינער ווארפט אראפ פון זיך אונ שיקט אים אויף זיין שטעל, איז ווען איינער וויל
פרעגין א שאלה ביין מורה הוראה, געפינט ער אים קיין מאל ניט צו הויז. פרעג איך
ביי איך, איז דאס רעכט אזוי?

עֲשׂוּתֶם. מֵיינְט נִיט בְּרִידֶער אַז דָאס רֵייד אִיךְ צַלֵיין, דָאס רֶעט דְער גַאנְצֶער כְּלַל יִשְׂרָאֵל. אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר וִויא דֶער וֶועקֶער אָדֶער דֶער קְלִינְגֶער. ווילְסְט דוא אויף שְׁטֵיין צוּ עֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא שְׁטֵייא אויף. ווילְסְט דוא שְׁלָאפֶען שְׁלָאף ווייטֶער. טָאמֶער וֶועט וֶוער עֶס אִיז פָארְט דֶער הֶערִין דִיא קְלִינְגֶערֵייא, אוּנ וֶועט זִיךְ נֶעמֶען מְתַקֵּן זַיין אוּנְזֶערֶע פֶעלֶערִין וְלָטַעַת בְּלֵב יַלְדֵי יִשְׂרָאֵל לִהְיוֹת עֲבָדִים נֶאֱמָנִים לה׳ אֱלֹהֵינוּ וּלְמַלְכֵּנוּ וּלְאֶרֶץ מוֹלַדְתֵּנוּ אָמֵן.

## יא.

## דָא וֶועלִין מִיר רֵיידִין אַרוּם קְדוּשַׁת בֵּית הַכְּנֶסֶת.

לִיבֶּע טְרַייֶע בְּרִידֶער, דִיא וֶועלְכֶע עֶס רוּפִין זִיךְ אֶינְטֶעלִיגֶענְצִיֶע, אָדֶער מַשְׂכִּילִים, עֶרְקְלֶערְט מִיר אַייעֶר הַשְׂכָּלָה. דֶער וָוארְט הַשְׂכָּלָה אִיז אִין לָשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ פַאר שְׁטַאנְדִיגְקֵייט, אוּנ אוֹיךְ בֶּעגְלִיקֶען. פַאר שְׁטַאנְדִיגְקֵייט אִיז חָכְמָה, בֶּעגְלִיקֶען אִיז עֲשִׁירוּת. זָאגְט אויף דֶעם דֶער נָבִיא (ירמי׳ ט) אל יתהלל חכם בחכמתו, ואל יתהלל הגבור בגבורתו, אל יתהלל עשיר בעשרו. כי אם בזאת יתהלל המתהלל השכל וידוע אותי, ד. ה. דֶער חָכָם זָאל זִיךְ נִיט בֶּערִיהְמֶען מִיט זַיין חָכְמָה, דֶער שְׁטַארְקֶער מִיט שְׁטַארְקַייט, דֶער רֵייכֶער קֶען נִיט אוּנ טָאר נִיט בֶּערִיהְמֶען זִיךְ מִיט זַיין רַייכְקֵייט, נָאר מִיט וָואס קֶען עֶר זִיךְ יָא רִיהְמֶען? וֶוען עֶר פַארְשְׁטֵייט גָאט ב״ה צוּ דִינֶען. אויךְ זָאגְט דֶער נָבִיא (נחמי׳ ט) ורוחך הטובה נתת להשכילם. ד. ה. דוא רבש״ע הָאסְט גֶעגֶעבִין אויף דִיא אחב״י אַגוּטִין גַייסְט צוּ בֶּעקוּמֶען שֵׂכֶל, דָאס מֵיינְט מֶען דִיא תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה, „בנות להם ישובו לעשות רע לפניך (שם), ד. ה. אַז עֶס וֶוערְט זֵייא בֶּעסֶער טוּהֶען זֵייא וִוידֶער שְׁלֶעכְט פַאר דִיר א. ז. וו.. שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זָאגְט (משלי א, ג) לקחת מוסר השכל, מֶען זָאל זִיךְ שְׁטְרָאפֶען מִיט הַשְׂכָּלָה, דָאס מֵיינְט מֶען וַוייטֶער ע״פ דֶרֶךְ הַתּוֹרָה, השכל וידוע אותי, וִויא מִיר צוּ פַארְשְׁטֵיין מִיט פַאר שְׁטַאנְד. לָאמִיר נֶעמֶען צב״ש דִיא עִקְרֵי הַתּוֹרָה ד. ה. גָאלִין דִיא בֶּערְד, נִיט הַאלְטִין פוּן שַׁבָּת, אֲכִילַת טְרֵיפוֹת. הָאבֶּען זֵייא אַזֶעלְכֶע נַאבִין פֶערְוָוארְפִין. וֶוענִין דֶעם אִיז שׁוֹין אָפּ גִירֶעט, זֵייא זַיינֶען דָאךְ מַשְׂכִּילִים מִיט אַ שֵׁין יְמָנִית דָאס הֵייסְט (מַשְׂכִּלִים, פַאר וַוארְפֶער), נִיט וֶוענִין דֶעם אִיז מַיין יֶעצְטִיגֶע בֶּעסֶעדֶע, מַיין מֵיינוּנְג אִיז וֶוענִין קְדוּשַׁת בֵּית הַכְּנֶסֶת.

מִיר וֵוייסִין אַז אַ בֵּית הַכְּנֶסֶת וֶוערְט אָן גִירוּפִין מִקְדָּשׁ מְעַט, אַזוֹ וִויא

שבת

שַׁבָּת אִיז דָאךְ לְרוֹרוֹתָם, אַזוֹיא אִיז מוֹרָא הַמִקְדָשׁ אויךְ אוֹיף אֵייבִּיג, אֶת שַׁבְּתוֹתַי תִּשְׁמוֹרוּ וּמִקְדָשִׁי תִּירָאוּ, נָאר דֶער הוֹיפְּט מוֹרָא אִיז, אֲנִי ד׳ (ויקרא יט). עֶרְקְלֶערְט אוּנְז דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה, וָואס רוּפְּט מֶען מוֹרָא הַמִקְדָשׁ, מֶען טָאר נִיט אַרַיין גֵיין וִויא אִין אַ פְּרִיוַואט הויז. דָאס וֶוייסְין אַלֶע אַז אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז גְוֶוען „עוֹמְדִים צְפוּפִים וּמִשְׁתַּחֲוִים רְוָחִים", ד. ה. מֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גֶעדְרִיקְט, דָאךְ וֶוען מֶען הָאט זִיךְ גִיבּוּקְט אִיז נִיט אֵיינְג גְוֶוען. אִיז לְבַד דֶעם גְרוֹיסִין וואוּנְדֶער וָואס אִין דֶעם אִיז גְוֶוען, קֶען מֶען דָא אויךְ זָאגִין אַצַחוֹת, ווייל יֶעדֶערֶער וֶוער עֶס אִיז אַרַיין פְרִיעֶר אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶוען קַיין בִּילֶעטִין, קַיין פָּאלִיצַייא, אִיז גְוֶוען אַ נֵס אַז מֶען הָאט זִיךְ נִיט צוּשְׁלָאגִין וֶוען מֶען הָאט זִיךְ בֶּעדַארְפְט בּוּקִין וִויא הַיינְט טְרֶעפְט אַמָאל פַאר וָואס אִיז אַזוֹי גְוֶוען? ווייל צוּ גָאטֶעס דִינְסְט זַיינֶען אַלֶע גְלַייךְ. ולא נכר שוע לפני דל, ד. ה. פַאר השי״ת וֶוערְט נִיט אַן-עֶרְקֶענְט דֶער רַייכֶער פַאר דֶעם אָרֶעמֶען, נָאר גְרַאדֶע פַאר קֶערְט. (ישעי׳ נ״ז) כִּי כֹה אָמַר רָם וְנִשָּׂא שׁוֹכֵן עַד וגו׳ וְאֶת דַכָּא וּשְׁפַל רוּחַ לְהַחֲיוֹת רוּחַ שְׁפָלִים וּלְהַחֲיוֹת לֵב נִדְכָּאִים.

לָאמִיר זִיךְ נִיט שֶׁעמֶען, אוּנ צוּ זֶעהֶן וִויא עֶס פִירְט זִיךְ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִין אַלֶע אִידִישֶׁע שְׁטֶעט אוּנ אִין אַלֶע בָּתֵּי כְנֵסִיּוֹת לִתְפִלָּה. אוּנ וִויא עֶס פִירְט זִיךְ בַּייא דִיא נַאייֶע מַשְׂכִּילִים (נִיט וֶועלְכֶע זַייא זַיינֶען מַשְׂכִּיל עַל דְבַר אֱמֶת, נִיט מַשְׂכִּיל אֶל דָל), אִיז אַזוֹי, בַּייא דִיא אַלְטְמָאדִישֶׁע אִידִין אִיז דִיא שׁוּלִין יָמִים נוֹרָאִים אוּנ יָמִים טוֹבִים פוּל גִיפַּאקְט, וֶוער עֶס הָאט אַ פְּלַאץ זִיצְט אוֹיף זַיין פְּלַאץ. וֶוער עֶס הָאט נִיט, לָאזְט מֶען אִיהם אויךְ אַרַיין. פוּן וַואנֶען דִיא סִבָּה אִיז גֶעוָוארִין אַז בַּייא אִידִין זָאל זַיין פְּלֶעצֶער, אִיז גֶעוֶוען דֶער דַלַּת הָעָם... וֶועגִין דִיזֶע אוּרְזַאכֶע אִיז נִיט יֶעצְט צוּ רֵיידִין, אִיבֶּערְהוֹיפְּט מוּז מֶען זָאגִין אַז דָאס אִיז אויךְ נִיט רֶעכְט. אָבֶּער עֶס אִיז צוּ פַארְטְרָאגִין, עֶס אִיז אויךְ זֵייעֶר נִיט רֶעכְט אַז מֶען מַאכְט דִיא שׁוּל פַאר אַטֶעאַטֶער זַאל. מֶען לֵייפְט הֶערִין דֶעם חַזָן וִויא עֶר זִינְגְט. נָאר דָאךְ דֶער אִיד וֶועלְכֶער גֵייט אִין דֶעם בֵּית הַכְּנֶסֶת וֶוערְט נִיט אַטֶעקִירְט קַיין מָאל, אָבֶּער אִין דִיא נַאייֶע מָאדִישֶׁע בָּתֵּי תְפִלוֹת אִיז מַאנְכֶע מָאל אַזוֹי אַפַּארַאדִיק, מֶען מוּז גֶעמֶען פַאר יו״ט בִּילֶעטִין, אַזוֹי וִויא אִין טֶעאַטֶער. דֶער נָאךְ אִיז אַזוֹי, קוּמְט אַ אַארִימֶער יְהוּדִי, שְׁטֵייט פָּאלִיצַייא אוּנ מֶען לָאזְט אִיהם גָאר נִיט אַרַיין. וֶוער רֶעט אַ כָאלְדַאטִיק שִׁיקְט מֶען אַנְדֶערְשׁ וואוּ, בִּיז עֶס אִיז גִיוֶוען פִּיל שְׁקַאנְדַאלִין דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע מַעֲשִׂיוֹת, "אָבְוָואהל עֶס אִיז דָאךְ גִיזָאגְט וַאֲהַבְתֶּם אֶת הַגֵּר, אוּנ עֶר אִיז דָאךְ דֶער רִיכְטִיגֶער

גר

„גֵר“, עֶר אִיז דָאךְ פוּן דֶער פְרֶעמְדֶר, אוּנ עֶר אִיז דָאךְ וֶועהְרְט אַז מֶען זָאל אִיהם מֶעהר מְקָרֵב זַיין וִויא אַיין אַנְדֶערִין. וַוייל עֶר טְרָאגְט אוֹיף זִיךְ דִיא פְּפְלִיכְט וָואס צוּ דֶער מְדִינָה גֶעהֶערְט. אוּנ עֶר עֶרְפִילְט דִי הֵיילִיגֶע פְּפְלִיכְט נַאטוּרַאל, א. ז. וו.. מַאכְט דָאס גָאר נִיט אוֹיס. נִיט קַיין רַייכֶער מֶענְשׁ וֶוערְט נָאךְ בֶּעלֵיידִיגְט, צבּ״ש יו״ט אִיז אַנַאנְץ אָרֶעמְטְלִיכֶער פַּיינֶער מֶענְשׁ אַרֶעמֶעסְלֶענִיק גֶעקוּמֶען אִין אַ בֵּית הַתְּפִלָּה, אִיז צוּ אִיהם צוּ גֶענַאנְגֶען אֵיינֶער פוּן דִיא מְשָׁרְתִים אִין אַ רַאסְסֶע, אוּנ זָאגְט אִיהם: דֶער אַנְפִירֶער הָאט גִיפְרֶעגְט וִויפִּיל וֶועט עֶר בֶּעצָאלִין פַאר זַיין פְּלַאטְץ אוֹיף וֶועלְכֶען עֶר הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט? נוּא אִיז דָאס אַ שֵׂכֶל? אוּם יו״ט צוּ פְרֶעגִין גֶעלְט? — נָאךְ אֵיינֶער הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט אוֹיף אַ פְּלַאטְץ, הָאט מֶען אִיהם אַרָאפּ גֶעטְרִיבִּין פוּן אַיין אָרְט אוֹיף דֶעם צְוֵוייטִין, בִּיז עֶר אִיז גִיוָוארֶען אִין כַּעַס אוּנ אִיז גִיגַאנְגֶען שְׁוַאלֶעוֶוען זִיךְ צוּם קַאזָאנֶעם רָב, הָאט דֶער שַׁמָשׁ אוֹיף אִיהם אָן גִיפַאנְגֶען צוּ שְׁרַייֶען, קוּדַא לֶעזִישׁ! הָאט עֶר גִיזָאגְט: קְבַאטִישֶׁקְע פַאיידוּ, צְשְׁטָא וִויא מְנִיֶע נַאנַאִיעטֶע? דָאס אִיז פַאקְטִין, אִיז דָאס הַשְׂכָּלָה? עֶס אִיז פִיל צוּ רֵיידִין... נָאר עֶס אִיז פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט אַ שַׁאנְדֶע. וֶוען דִיא נַייֶע מַשְׂכִּילִים קְלַייבִּין זִיךְ צוּנוֹיף, אַרוּם גָאט בֶּעטִין אִיז דָאךְ קֵיינֶע רֵיידֶע, וָואס דֶען? מֶען רֶעט צְוִוישִׁין זִיךְ דֶעם גַאנְצִין עֵת הַתְּפִלָּה, נָאר מֶען קֶען נִיט זָאגֶען, אַבִּיסִיל שְׁטִילֶער וִויא בַּייא דִיא אַלְטְ מָאדִישֶׁע אִידִין, דֶער גֶעגִין בֶּעטִין דָאךְ יֶענֶע, אוּנ צוּ לִיבּ דֶעם וָואס בַּייא דִיא אַלְטמָאדִישֶׁע אִידִין אִיז נִיטָא קַיין רִיכְטִיגִין אָרְדֶענוּנְג, הָאבִּין דִיא נַייֶע גִימַאכְט בֶּעזָאנְדֶער, אוּם עֶס זָאל זַיין אַ כָּבוֹד וּמוֹרָא פַאר בֵּית הַמִּקְדָּשׁ הַמְעַט. אִיז אַזוֹי, „מוֹרָא“, הָאבִּין זֵייא אוֹיס גִיפִירְט, זֵייא הָאבִּין „מוֹרָא“ אֲפִילוּ צוּ דֶער מָאגֶען אַ אִידִישֶׁען וָוארְט. אַנְדֶערֶע הָאבִּין „מוֹרָא“ אַרַיין צוּגֵיין, וַוייל יֶעדֶערֶער רַייכְט אוּם שַׁבָּת ויו״ט, דִיא שְׁוֶוייצַארִין רַייסִין, דִיא שַׁמָשִׁים דִיא פַאסְקוּשְׁנִיקֶעס רַייסִין, פַאר דֶעם פְּלַאטְץ רַייסְט מֶען, אוּנ וֶוער עֶס גֵייט אִין אַ צִילֶענְדֶער הוּט נָאךְ מִיט אַגוּטִין רָאק, מֵיינְט מֶען דָאךְ אַז עֶר אִיז אַ רַייכֶער, וֶוערְט עֶר נָאךְ מֶער הֶערוֹיס גִיצוֹיגִין, מֶען גִיבְּט אִיהם אַ עֲלִיָה וִוידֶער גִירִיסִין, הָאבִּין פִיל „מוֹרָא“ פַאר דֶעם בֵּית הַכְּנֶסֶת.

הַיינְט לָאמִיר זֶעהן וָואס פַאר אַ „כָּבוֹד“ מַאנְכֶע מָאל פַאסִירְט אִין דִיא קָאהר שׁוּלִין כָּבוֹד הַתּוֹרָה. נָאר דָאס לָאמִיר לָאזִין אוֹיף אַבִּיסֶעלֶע שְׁפֶּעטֶער, אִיהר זַיינְט דָאךְ מַשְׂכִּילִים וִוילְט אִיהר דָאךְ אַלֶעס נָאךְ טָאהן וִויא בַּייא אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען. פְרֶעג אִיךְ בַּייא אַייךְ, אִיז דָא אַזֶעלְכֶע פַארַאדְקָעס אוּנְטֶער אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען? דֶער וֶועלְכֶער עֶס וִויל גֶעבִּין גִיבְּט.

מיט זיין אייגענעם פּראַיוּעט ווילין עס ווערט גאר ניט פארקופט, ניט קיין עליות, ניט קיין שטעלין. ניט מען בעט געלד, אונ דאך האבין זייא, אונ האלטין נאך אוים שולין מיט פריוואטין, אויף דיא רעכענונג פון דער קירכע. עס קען שטיין א יענעראל הינטער, אונ א רעמעסלענ׳ק פארינט, ווער עס קומט פריהער אין קירכע דער שטייט פריער, אזוי איז איבעראל. פאר וואס בייא אונז, איבערהויפט בייא דיא משכילים, גיט מען פיעל געלט. יעדער האר פאר קויפט מען, אונ עס איז ניטא קיין מאל קיין געלט? איז אויף דעם אויך פאראן אתירוץ. ווייל בייא אנדערע נאציאנען שפּילט דער רייכער ניט קיין ראלע מיט זיינע געלט אין קירכע. ער מעג געבין נדבות וויפיל ער וויל, וויא באלד ער האלט ניט פון גלויבין, וועט מען איהם ניט מאכין פאר א בעה״ב אין קירכע, דער וואס גיט געלט זאגט ניט וואו מען זאל דיא געלט אהין טאהן. ער גיט גאר פון גאטעס וועגין ״מתן בסתר״, וואס זייא טוהען, טוהען זייא ניט אום עס זאל דעם צווייטין געפעלען.

לײדער בייא אונזערע משכילים איז אלעס וואס מען מאכט איז ניט פון גאטעס וועגין, ניט פאר דעם פאלק, נאר פאר פרעמדע פוצט מען זיך, אונ פוטצין זיך פאר פרעמדע קאסט פיל געלט, דיא יעניגע וועלכע עס גיבען געלט איז וויפיל זייא גיבען מאכין זייא נאך אהן קאסטין דרייא מאל אזוי פיל, וויא אלע פארשטייען אונ ווייסין, אונ דאדורך קומט דאס אלעס הערוים.

איינער פון דיא פארשטייער, פון דיא נייע מאדישע אידין האט אמאל גיזאגט צו איין ארטאדאקסישין אידין, זעהט וואס פאר א כבוד התורה בייא אונז איז! האט איהר גיזעהען וויא מען האט אריין גיטראגין א ספר תורה בייא אונז? ניט וויא בייא אייך, וואס מען שפרינגט, מען טרינקט. בייא אונז איז אלעס ארטיג, מען איז ניגאנגען מיט דער ספר תורה ארום שול, דאמען מיט הערין געארעמט. דער ראבינער אונ דער קאנטאר מיט דיא פעווצעס אלע אן גיטאהן אין ראסעס, אקוראט וויא אין א יעווראפייעשע קירכע. גיט וויא בייא אייך אזעלאטין. שטיל, א ־טיג, עס איז פיין גיוועזען, גאר ניט וויא אין א אידישע שול בייא אייך אין דער ליטא.

איהר האט רעכט. האט דער אלטמאדישער איד גיענטפערט, נאר איך וועל אייך דער צײלין אשיינע מעשה. וואס עס האט זיך אמאל גיטראפין:

עס איז גיוועזען אגאנץ רייכער שררה, וועלכער האט גיהאט צווייא

לִיבְּלִיכֶע טֶעכְטֶער, הָאט עֶר בֵּיידִין חֲתוּנָה גִימַאכְט אוּנ זֵייא גִיגֶעבִּין גְלַייכֶע נַדָן, אוּנ הָאט זֵייא גִיבֶּענְטְשְׁט, אוּנ אָן גִיזָאגְט, דִיא אֵיידִימְס זָאלִין לֶעבִּין מִיט זֵייעֶרֶע פְרוֹיֶען גַאנְץ טְרַייא. זֵייא זָאלִין הִיטִין צוּ עֶרְצִיהֶען אָרֶענְטְלִיךְ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער. אִיבֶּערְהוֹיפְּט פָּאלְגִין וָואס עֶר זָאגְט זֵייא אָן, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גִיזֶעגִינְט אוּנ זֵייא זַיינֶען זִיךְ צוּ פָארֶען. אִין אֵיינִיגֶע יָאהְר אַרוּם. הָאט זִיךְ דֶער פָאטֶער מְיַשֵּׁב גִיוֶוען, עֶר וֶועט אַרָאפּ פָארֶען זֶעהֶען וָואס מַאכִין דִי טֶעכְטֶער, דִיא אֵיינִיקְלַאךְ, דִיא אֵיידֶעמְס? עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּ אֵיינֶע, הָאט עֶר גֶעפִינֶען דִיא אָבְּסְטַאיַאטֶעלְסְטְוֶוע נִיט צוּם בֶּעסְטִין, דִיא קִינְדֶער גִימֵיין גִיקְלֵיידֶעט, אִין שְׁטוּב גַאנְץ אֵיינְפַאךְ, דֶער אֵיידֶעם אִיז גִיקוּמֶען גֶעל וִויא וַואקְס פוּן אַרְבַּייטֶען, עֶר הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ דֶער שְׁרָאקֶען. דִיא טָאכְטֶער מִיט דֶעם אֵיידִים מִיט דִיא אֵיינִיקְלַאךְ הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר דֶער פְרֵייט, אוּנ דֶער אַלְטֶער אִיז אַלֶעס גִיוֶוען אוּנְרוּהִיג וָואס זֵייא זַיינֶען אָרִים. מַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער? (פְרֶעגְט דֶער פָאטֶער) וִויא גֵייט דָאס אַייךְ? נָאט צוּ דַאנְקֶען (עֶנְטְפֶערִין זֵייא) מִיר זַיינֶען נִיט הוּנְגֶערִיג, בַּייא אוּנְז אִיז אַלֶעס אִין פְרִידִין, נֶעם פַאר הֶער מַיינֶע קִינְדֶער וֶועסְטוּ זֶעהֶען וִויא זֵייא קֶענֶען אוּנ וִויא זֵייא זַיינֶען גָאטֶעס פָארְכְטִיגֶע, אִיךְ בִּין צוּפְרִידִין מִיט מַיין מַאן אוּנ קִינְדֶערְלַאךְ מִיט מַיין שִׁיקְזַאל. אִיךְ בִּין אֲפִילוּ אַבִּיסֶעלֶע נִיט רַייךְ, דָאס טַאטִינְקֶע וֶוענְט זִיךְ אַבִּיסִיל אָן אוּנְז אוּנ אֶפְשַׁר אַבִּיסִיל אָן דִיר אוֹיךְ, נָאר מִיר זַיינֶען צוּפְרִידִין, אֵיזֶהוּ עָשִׁיר? הַשָּׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ. וֶוער אִיז רַייךְ? דֶער וָואס אִיז שְׁטֶענְדִיג צוּ פְרִידֶען מִיט זַיין שִׁיקְזַאל. מֶען הָאט גִימַאכְט אַפְּרָאסְטִין אַ אֵיינְפַאכִין מִיטָאג, אוּנ אַלֶע הָאבִּין גִיגֶעסִין מִיט אַפֶּעטִיט, קוּרְץ גִיזָאגְט עֶס אִיז פַאר דֶעם פָאטֶער קֵיין גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה נִיט גִיוֶוען, וַוייל זֵייא זַיינֶען נֶעבִּיךְ אָרִים, אָבֶער דָאךְ אִיז אִיהם גִיוֶוען זֵייעֶר פְרַיאטְנֶע צוּהֶערִין זֵייעֶר פְרֵיידֶע, וָואס מֶען הָאט זִיךְ גִיפְרֵייט מִיט אִיהם, עֶר הָאט בַּייא זֵייא גִיפְרֶעגְט צוּ פָארִין זֵייא אַמָאל צוּ זֵייעֶר שְׁוֶועסְטֶער? הֵייבְּט אָן דִיא טָאכְטֶער מִיט דֶעם אֵיידִים צוּ לַאכִין: וָואס זָאלִין מִיר דָארְט טָאהְן? אַז מִיר הָאבִּין אַמָאל גֶעוָואלְט צוּ זֵייא קוּמֶען אִין גֶעסְט, הָאט מֶען אוֹיף אוּנְז אַרוֹיף גֶעלָאזִין אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע הִינְט. אַז עֶס אִיז גִיוֶוען אַמוֹרָא אַרַיין צוּ גֵיין, אוּנ פוּן דַאמָאלְס אָן, אִיז דָאס אִין גַאנְצִין אָפּ גִירִיסִין. הָאבִּין מִיר אַמָאל גִיבֶּעטִין מִיט אַבְּרִיף פִילַייכְט אִיז מֶעגְלִיךְ צוּ שִׁיקִין אוֹיף שְׂכַר לִמּוּד פַאר דִיא קִינְדֶער. הָאט מֶען אוּנְז אֲפִילוּ נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט. דֶער שְׂרָרָה הָאט זִיךְ מִיט זֵייא גִיזֶעגִינְט. מִיט דִיא קִינְדֶערְלַאךְ זֵייעֶר פַיין צוּ קוּשְׁט, אוּנ זֵייא הָאבִּין אִיהם בֶּעגְלֵייט וִויא

גיהעריג

גיהעריג אונ ער איז אַוועק געפאָרין צו דער אַנדערער טאָכטער. וויא זייא האָבין דער הערט אַז עס קומט דער טאַטע, האָט מען געמאַכט אַגרויס-אַרטיגין באַל מיט פיל פאַראַדע, אונ מען האָט צונויף געקליבען נאָך פיל פּריצים, אַפילו וועלכע עס זיינען געווען באמת דעם אַלטין שרה'ס שונאים. מען האָט נאָך אָן געליען פרעמדע צירונג, אונ מען האָט דער טאָכטער מיט דיא איינינקלאַך אויס געפוצט גרויס-אַרטיג אַלס פיין אָרענטליך. דער איידים איז געווען אַלס פאַר טאָהן מיט דיא דאַמען, מיט דיא געסט, דער שווער קען מיט איהם ניט ריידין אַפילו איין וואָרט, אונ דאָס איז אַלס כלומערשט לכבוד דעם טאַטין. האָט זיך מיישב געווען דער אַלטער טאַטע, ער וועט אָפּרעג טאָהן בייא דער טאָכטער וויא זיא לעבט? זאָגט ער צו איהר: טאָכטעריל זאָג מיר פאָרט וויא גייט דאָס דיר? עס זעהט דאָך אויס בייא דיר אַזוי זויבער אונ פיין, וויא ביסטו אין געזונד א. ז. וו.? האָט דיא טאָכטער זיך שרעקליך פאַנאַנדער גיוויינט! אונ האָט גיזאָגט צו אים: טאַטע, מיין שוועסטער איז הונדערטער מאָל בעסער וויא מיר, פאַר וואָס? זעה וויא זיא לעבט מיט איהר מאַן אונ קינדערלאַך, וואָס זיא זאָגט איהם איז בייא איהם הייליג. ער פאַרדינט זיין חיונה שווער אָבער ערליך, ער עסט שטענדיג צו הויזע. ער שפּילט ניט אין קאָרטין גאַנצענע נעכט, ער טוהט אויף פרעמדע פרויען אַפילו ניט אַקוק. אָבער וויא אונגליקליך בין איך, מיינע ווערטער האָט ביי איהם קיין בעטרעף, ער עסט ניט צו הויז, אַפילו דיא פּריצים וואָס זיינען דא אויפין באַל זיינען דיר מיט מיר בלוט שונאים, זייא וואָלטין מיר וועלין דער טרינקען אין אַלעפיל וואַסער. פאַר [illegible]טו שוין מיינע צרות? דאָס וואָס מען האָט מיר אויס גיפוצט, אין דאָס אַלעס, פרעמדע, וויא דוא גייסט אַוועק רייסט מען דאָס פון מיר אַראָפּ, איך האָב אַפילו קיין רעכטין צימער אַגאַנצע וואָך, נאָר ווען עס קומען זייערע קאָמעראַדין מיט זייערע פרויען דענסטמאָל פוצט מען מיר ווידער אויס, אום צו בערימען זיך, אַז מען לעבט מיט מיר גוט.

אַזוי ברידער איז מיט אייך, איהר מאַכט גרויסע שולין מיט פּאַראַדע, אונ איהר לאָזט נאָך שרייבין בלומערשט אַ ספר תורה. מיר ווייסין אַז דיא תורה איז ניט גראַדע דער פּאַראַד. דיא תורה הייסט היטין שבת, דיא תורה הייסט ניט עסין קיין טריפה, חלב ודם, דיא תורה הייסט ניט לעבין מיט דיא פרויען ווען מען טאָר ניט, אין באַסעם דאַרף אַ איד ניט גיין, ווייל דאָס איז דאָך נאָר איבער גימיסט אַנדערע נאַציאָנען,

הייסט

הֵייסְט דָאךְ דָאס נור גֶעלַאכְט פוּן זֵייא, וִויא דֶער אַקְטְיָאר אוֹיפְין סְצֶענֶע. אִין בֵּית הַתְּפִלָּה אַרוּם גֵיין גִיאַרֶעמְט מִיט פְּרֶעמְדֶע פְרוֹיֶען אִיז אַבִּזָיוֹן הַתּוֹרָה נִיט קֵיין כָּבוֹד הַתּוֹרָה. אַייעֶרֶע קִינְדֶער קֶענֶען דָאךְ אֲפִילוּ נִיט רֵיידִין אַוָואְרט אוֹיף אִידִישׁ. זָאגְט אִיהר נָאךְ אַז אִיהר גִיט כָּבוֹד הַתּוֹרָה מֶעהר פַאר דִיא לִיטְוַואקֶעס, אָדֶער פַאר דִיא חֲסִידִים. וָואס אִיז? מֶען טַאנְצְט שִׂמְחַת תּוֹרָה. מֶען שְׁפְּרִינְגְט, מֶען נֶעמְט נָאךְ אֲפִילוּ אַבִּיסִיל בְּרַאנְפִּין אוֹיךְ לְכָבוֹד הַתּוֹרָה. זָאגְט: פוּן וֶועמֶען הָאט דִיא תּוֹרָה מֶער פֶּערְגֶענִיגִין, פוּן דִיא אַלְט מָאדִישֶׁע אִידִין אָדֶער פוּן דִיא נַייא מָאדִישֶׁע? זָאגְט מַשְׂכִּילִים, פִּילַייכְט הֶעלְפְט אִיר אַייעֶרֶע אָרִימֶע בְּרִידֶער? דַאכְט זִיךְ אַז נֵיין. פִּילַייכְט שְׁטִיצְט אִיהר דִיא לוֹמְדֵי תּוֹרָה? בעו"ה וָואלְט אִיהר נָאךְ וֶועלִין דִיא תּוֹרָה עוֹקֵר מִן הַשּׁוֹרֶשׁ זַיין, וָואס דִיא אַלְטֶע הָאבִּין גִיבוֹיט מַאטֶערְט אִיהר זִיךְ נָאר צוּ וַוארְפִין. נוּא זָאגְט מַשְׂכִּילִים וָואס אִיז אַייעֶר הַשְׂכָּלָה? פְּרֶעמְדֶע! אוּנ אֵייגֶענֶע נָאר נִיט. אִיז דָאס רֶעכְט? נוּא, זָאל שׁוֹין זַיין אַזוֹי, אָבֶּער וָואס פַאר אַ מְחוּתָּנִים זַיינְט אִיהר אִין דְּבָרִים שֶׁבִּקְדוּשָּׁה? אִיהר זַייט דָאךְ מִיט אַייעֶרֶע פַּארַאקֶעס מְבַזֶּה הַקּוֹדֶשׁ, ד' יְרַחֵם.

אוּנְטֶער אַלֶע נַאצְיָאנֶען גֵייט גָאטֶעס דִינְסְט אִין קִירְכֶע אַזוֹיא, דֶער גַייסְטְלִיכֶער קוּמְט יֶעדִין מָארְגִין אוּנ אָוֶוענְד וִויא דִיא פְּרַאוֶועלֶעס פוּן דֶעם נַאצְיָאן אִיז. דִיא אֲמֶתֶה רַבָּנִים גֵייעֶן לְבֵית הַתְּפִלָּה שַׁחֲרִית מִנְחָה וּמַעֲרִיב, אוּנ בַּייא אַייךְ אִין דִיא קָאהָר שׁוּלִין אִיז דִיא גַאנְצֶע וָואךְ פַארְשְׁלָאסִין, וָואס דֶען, מֶען דִינְגְט אָן עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין פוּן דִיא דַלַּת הָעָם אִין אַקְלֵיינֶעם צִימֶער. אוּנ דָארְט וֶוערְט כְּלוֹמֶערְשְׁט גִידַאוִונְט. נִיט קֵיין רַאסֶע נִיט קֵיין רָב וֶוערְט גִיזֶעהן, נָאר ווּאוּ עֶס אִיז דָא אַרוּם וָואס זִיךְ צוּ פַאזְשִׁיוֶוען. ד. ה. אַרייכֶער יָא"צ; דַאן יַאוֶועט זִיךְ אַגַאנְצֶע רָאטֶע שַׁמָּשִׁים, מִיט אָרְבּ מִיט אַרַאסֶע, אוּנ מֶען סְלוּזֶעט אַזַאקַאזְנָאיֶע פַּאנֶעחִידֶע, ווִידֶער אִיבֶּער גֶעמִישְׁט אַנְדֶערֶע! אִיז דָאס דֶער דַּת הַיַּהֲדוּת? אָדֶער דָאס אִיז הַשְׂכָּלָה? אוֹי לָנוּ כִּי חָטָאנוּ! וד' יִסְלַח בַּעֲדֵנוּ וִיחַדֵּשׁ כִּלְיוֹתֵינוּ לַעֲבוֹד אֶת ד' אֱלֹהֵינוּ בֶּאֱמֶת. כַּאֲשֶׁר עָבְדוּ אֲבוֹתֵינוּ, וְיָבֹא גוֹאֵל צֶדֶק בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ, אָמֵן.

